# אשה רעה

## (דיא שלעכטע פרויא)

אפערעטטע אין 4 אקטען

פאן יאזעף לאטיינער.



# אִשָׁה רָעָה

## (דִיא שְׁלֶעכְטֶע פְרוֹיא)

אָפֶּערֶעטְטֶע אִין 4 אַקְטָען

פֿאָן

**יָאזֶעף לַאטֵיינֶער.**



פאדגורזע, תרס"ד.
דרוק פֿאן ש. ל. דייטשער.
פֿערלאג פֿאָן בנימין מונק בוכהאנדלונג אין לעמבערג.

---

DIE SCHLECHTE FRAU

Operette in 4 Acten

von **Josef Lateiner.**

Verlag von Benjamin Munk Buchhandlung in Lemberg.
Druck von S. L. Deutscher in Podgórze bei Krakau.

# פּערזאָנען.

---

אַבְנֵר — איין גענעראל.

אִיזֶבֶל — זיינע פרויא.

שְׁלוֹמִית — דערען טאכטער.

אַנְטִיגְנוֹס — איין הויפטמאַן.

חֲנוֹךְ — זיין פערטרויטער.

פֶּרֶץ }
מִילְכָּה } דיענער בייא אבנר.

קעניג הוֹרְקָנוֹס.

איין קערקערמייסטער.

הַלְמִי — פערלארענער זאהן פאן אבנר.

חֶעלִים — איין פערזישער העער אנפיהרער.

פערזער, יודען, מיליטער עטצ.

## I. אַקְט (II. Rittornelle)

(צימער בייא איזבל, אויפֿטריט מערכען מיט ראָזען אונד לאָרבערקרענצע).

קאהר: וִיעגֶעם לִיעדֶער לַאוְט אוּנְז פְרֵייליךְ זִינְגֶען
מִיט פְרֵיידֶע אוּנְד יוּבֶעל לַאוְט אֵייעֶרֶע שְׁטִימֶען קְלִינְגֶען
אוּנְזֶער פְרֵיינְדֶע צוּ בֶעגְרִיעסֶען אִיהְר פָאר דִיעזֶעם הוֹיזֶע
נוּן קָאמֶע קָאמֶע זִיעסֶע פְרֵיינְדִין קָאם צוּ אוּנְז אַרוֹיס
יַא אַן דֶער שְׁפִּיטְצֶע פוּן זֵיינֶע קְרִיעגֶער
קָאמְט שוֹין דֶער פַאטֶער אַלְס אוּנְזֶער זִיעגֶער
דֶער גְרָאסֶער הֶעלְד עֶר לֶעבֶּע לַאנְג יַא
עֶר זָאל לֶעבֶּען לַאנְג — הֶדָד.

(אויפֿטריט שלומית)

שלומית: אָה פְרֵיינְדִין טֵייעֶרֶע מֵיין הֶערְצְלִיכְסְטֶען דַאנְק
וִויא לִיעבְּלִיךְ קְלִינְגְט אֵייעֶר גְרוּס צוּ מֵיינֶעם אָהְר
מִיט לוּסְט אוּנְד פְרֵיידֶע שְׁלִיעסֶע מִיךְ אִין אֵייעֶרֶעם קָאהְר
מֵיינֶעם פַאטֶער צוּ בֶּעגְרִיעסֶען אוּנְד אִיהְם צוּ וִוינְשֶׁען גְלִיק
נַאךְ 2 יַאהְרֶע קָאמְט עֶר וִויעדֶער אִין זֵיינֶע הֵיימַאט צוּרִיק, יַא,

מערכען: פֶערְפְלָאסֶען זִינְד שוֹין בַּאלְד 2 יָאהְר
זֵייט וֶועק פָאן אוּנְז אִיז דֶער גְרוֹיסֶער הֶעלְד
גֶעגֶען ווִילְדֶע פֶעלְקֶער אִין דֶער שְׁלַאכְט
זֵייא בֶּעזִיעגְט אוּנְטֶערְטְהֶענִיג גֶעמַאכְט

שלומית: הֵייט קָאמְט צוּ אוּנְז

קאהר: דֶער גְרָאסֶער הֶעלְד

שלומית: זֵיין נַאמֶען אִיזְט

קאהר: בֶּערִיהְמְט אוֹיף דֶער וֶועלְט
דַאס לַאנְד בֶּעגְרִיעסֶען מִיט יוּבֶעל אוּנְד גֶעזַאנְג
דֶער גְרוֹיסֶער הֶעלְד יַא עֶר לֶעבֶּע לַאנְג דַאס לַאנְד

שלומית: מִיט יוּבֶעל אוּנְד גֶעזַאנְג

קאהר: דֶער גְרוֹיסֶער הֶעלְד

שלומית: יַא עֶר לֶעבֶּע עֶר לֶעבֶּע לַאנְג

קאהר: דַאס לַאנְד בֶּעגְרִיעסְט

שלומית: מִיט יוּבֶּעל אוּנְד גֶעזַאנְג

אללע: יַא יַא עֶר לֶעבֶּע לַאנְג

(I. Ritt.) (אויפטריט איזבל)

איזבל: דַאנְק אַייךְ לִיעבֶּע קִינְדֶער פִּיר אַייעֶר גְלִיק וואוּנְשׁ, קָאמְט אַיינְסְטְווַייל אִין מַיין הויז, דַאן גֶעהֶען וִויר אַלֶע צוּזַאמֶען. (II. Ritt.)

מעדכען: פֶּערפְלָאסֶען זִינְד שָׁאן . . . (מעדכען אב)

שלומית: מוּטֶער ווִילְסְט דוּא מִיר אַיינֶע פְרַאגֶע עֶרלוֹיבֶּען?

איזבל: שְׁפְּרִיךְ מַיין קִינְד.

שלומית: שׁוֹין בַּאלְד 2 יַאהְרֶע זַייט דֶער פַאטֶער אִיזְט וֶועק אִין דֶען קְרִיעג גֶעגֶען דִיא ווִילְדֶע הַיידֶען, ווִיא פִּיעלֶע שְׁלַאפְלָאזֶע נֶעכְטֶע אָהְנֶע טְרָאסְט, אָהְנֶע רוּה הַאבֶּען ווִיר בַּיידֶע צוּגֶעבְּרַאכְט וֶועהְרֶענְד דִיעזֶער צַייט, הַייטֶע אַבֶּער הַאט אוּנְז גָאט גֶעהָאלְפֶּען אוּנְד דֶער פַאטֶער קָאמְט עֶנְדְלִיךְ צוּרִיק אַלְס דֶער גְרֶעסְטֶער הֶעלְד אוּנְד זִיעגֶער, מִיט פְרֵיידֶע יוּבֶּעלְט אִיהְם דַאס גַאנְצֶע פָאלְק עֶנְטְגֶעגֶען, נוּר דוּא אַלֵיין מוּטֶער, דוּא זַיינֶע פְרוֹיא נִימְסְט קֵיינֶען אַנְטְהֵייל אַן דִיעזֶער פְרֵיידֶע, יַא אִיךְ לֶעזֶע עֶס דֵייטְלִיךְ אִין דֵיינֶע טְרוֹירִיגֶע בְּלִיקֶען, זָא ווִיא בִּיז יֶעטְצְט. זָא בִּיסְט דוּא אוֹיךְ הַייטֶע מִיסְגֶעשְׁטִימְט אוּנְד נִיעדֶער-גֶעשְׁלַאגֶען, וַואר עֶס אַלְזָא נִיכְט דִיא זֶעהְנזוּכְט נַאךְ דֵיינֶעם מַאן, וֶועלְכֶער הַאט דִיר בִּיז יֶעטְצְט דֵיינֶען שְׁלַאף גֶערוֹיבְּט אוּנְד דֵיינֶע אוֹיגֶען נַאס גֶעמַאכְט? נֵיין נוּר אֵיין אַנְדֶערֶער קוּמֶער פֶּערְפָאלְגְט דִיךְ! אִיזְט עֶס נִיכְט זָא מוּטֶער?

איזבל: יַא מַיין קִינְד, דוּא הַאסְט רֶעכְט.

שלומית: וֶוערֶע דַאס מֶעגְלִיךְ? דוּא דַאס וַייבּ פָאן זָא אַיין וֶועלְט-בֶּערִיהְמְטֶען הֶעלְדֶען, בֶּענֵיידֶעט ווִירְסְט דוּא פָאן אַלֶע פְרוֹיעֶן זָא אַיינֶען מַאן צוּ בֶּעזִיטְצֶען, אוּנְד דִיךְ קַאן זָא אַיין גְלִיק נִיכְט עֶרפְרֵייעֶן? עֶרקְלֶעהְרֶע מִיר דִיעזֶעס רֶעטְזֶעל מוּטֶער.

איזבל: מוּטֶער! דִיעזֶעס אֵיינֶע וָוארְט שְׁפְּרִיכְט אַלֶעס אוֹיס. וַואס אִיךְ לֵיידֶע, ווִיא זָאל זִיךְ דַאס וַייבּ גְלִיקְלִיךְ פִיהְלֶען ווֶען דַאס מוּטֶער-

הֶערְץ אִיזְט גֶעבְּרָאכֶען ? מוּטֶער וַואר אִיךְ פָאן אֵיינֶען אֵיינְצִיגֶען זָאהְן הַאט מַאן מִיר אִיהְם עֶנְטְרִיסֶען אוּנְד גְרוֹיזַאם אוּמְגֶעבְּרַאכְט, ווִילְסְט דוּא אִיךְ זָאל נִיט קְלָאגֶען ? זָאל אִיךְ טְהֵייל נֶעהְמֶען אַן דֵיין פַאטֶערְס טְרִיאוּמְפְף, וֶועלְכֶער אִיזְט בֶּעצַאהְלְט מִיט דֶעם בְּלוּט פָאן מֵיינֶעם זאהן ?

**שְׁלוֹמִית :** מוּטֶער דוּא זִיעהְסְט מִיךְ שְׁטוֹינֶען ? צוּם עֶרְסְטֶען מַאל הֶערֶע אִיךְ דִיךְ זָא רֶעדֶען, דֵיין זָאהְן דִיר עֶנְטְרִיסֶען, גְרוֹיזַאם אוּמְגֶעבְּרַאכְט, מִיךְ שׁוֹידֶערֶען דֵיינֶע וָוארְטֶע, וַואן אִיזְט דִיעזֶעס גֶעשֶׁעהֶען ? וֶוער הַאט דַאס גֶעטְהַאן ? אָדֶער הַאט דִיר נוּר אֵיין בֶּעזֶער טְרוֹים זָאלְכֶע שְׁרֶעקֶענְס בִּילְדֶער פָארְגֶעשְׁפִּיעגֶעלְט אוּנְד דוּא הֶעלְסְט עֶס פִיר וַואהְרְהֵייט ?

**אִיזֶבֶל :** אֵיין טְרוֹים ? אַךְ ! וֶוערֶע עֶס נוּר אֵיין טְרוֹים, אַבֶּער לֵיידֶער דַאס וַואס דוּא הַאסְט יֶעטְצְט פָאן מִיר גֶעהֶערְט אִיזְט בִּיטֶערֶע וַואהְרְהֵייט, דָאךְ גֶענוּג דַאפָאן, דְרֶענְגֶע נִיכְט ווֵייטֶער אַן מִיר מִיט פְרַאגֶען, אִיךְ ווִיל דִיר נִיט וֵייטֶער אַנְטְוָוארְטֶען, נוּר דַאס אֵיינֶע מֶערְקֶע דִיר, הֵייטֶע נָאךְ ווִירְד מַאנְכֶער הֶעלְד בֶּענֵיידֶעט אוּם זֵיינֶע גְרָאסֶע מַאכְט אוּנְד עֶהְרֶע, אַבֶּער שָׁאן מָארְגֶען קַאן דִיא וֶועלְט בֶּעדוֹיעֶרֶען זֵיינֶען טִיעפְסְטֶען פַאל. (אֵב אינם הויז) (I. Ritt.)

**שְׁלוֹמִית :** ווִיא זָאל אִיךְ דַאס פֶערְשְׁטֶעהֶען ? וֶועלְכֶען הֶעלְדֶען מֵיינְט זִיא דַאמִיט ? דֶען פַאטֶער פִיעלֵייכְט ? אִיהְר אֵייגֶענֶען מַאן ? אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, וֶוערֶע זָא וַואס מֶעגְלִיךְ ?... יַא אִיךְ ווִיל אוּנְד מוּס אַלֶעס פָאן אִיהְר עֶרְפַאהְרֶען, אוּנְד אִיזְט אִיהְם בֶּעהִיטֶע דֶער הִימֶעל זֵיינֶע פְרוֹיא פַאלְשׁ גֶעוָוארְדֶען, זָא זָאל אִיהְם שִׁיטְצֶען זֵיין טְרַייעֶס קִינְד. (אַב)

(II. Ritt.) (אוּיפְטריט פרץ)

**פֶּרֶץ :** הֶערְט רַאטַא פְּלַאם רַאטַא פְּלַאם
עֶס קוּמְט דֶער הֶעלְד וֶועהְט אַ הֶעלְד
מִיט אַ רַאטַא פְּלַאם פוּן דֶעם שְׁלַאכְט פֶעלְד
הֶערְט מֶען נוּר פֶּרֶץ קוּמְט
מִיט זַיין רַאטַא פְּלַאם יֶעדֶער שְׁטִימְט
אוֹיף דֶער מִלְחָמָה דֶער
וֶוער הָאט גֶעזֶעהְן וֶוער

קָעפּ װֶענֶען גֶעפְלוֹינֶען
מֶענְשֶׁען אוֹיסְגֶעצוֹינֶען
סְאִיז נִישְׁט גֶעװֶעזֶען שְׁװֶוער
טְרֵייטֶען טֵייטֶען מֶעהְר
הֶענְטְלִיך אוּנ פִיסְלֶ׳עך
צוּקְנַאקֶען װִיא דִיא נִיסְלֶעך
אוֹיף דֶער מִלְחָמָה׳ אִיז נִיט גוּט צוּ גֶעהְן
דִיא טוֹידְטֶע דָארְט נוּר בְּרְרְרְר אָנְצוּזֶעהְן
פוּן 1000 לֶעבּ אִיךְ נוּר אַלֵיין (װֵייסְט אִיהְר פַאר װָאס) ?
וַוייל אִיךְ בִּין דַאבֵּייא גָאר נִיט גֶעװֶען
וַוייל שוּלְדִיג אִיז אֵיינֶע
מַיין מִילְכָּהנִיוּא דִיא קְלֵיינֶע
דוּרְךְ אִיהְר הֶערְצֶעלֶע דָאס רֵיינֶע
אוּנ אִיהְר פֶּנִימֶ׳ל דָאס שֶׁענֶע
הָאט מִיךְ דָאס אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען
וַוייל זִיא אִיז מִיר אִין קָאפּ גֶעלֶעגֶען
גֶעה דִיךְ מִיט דֶעם שׂוֹנֵא קְרִיעגֶען
בִּין אִיךְ פַאר דֶעם שׂוֹנֵא אַנְטְלָאפֶען
מִילְכָּה קוּם שׁוֹין אַרוֹיס (בּיסס)
דִיא כֹּחוֹת פוּן דֶעם גִבּוֹר גָעהְן שִׁיעָר אוֹיס
מִיט דִיר אַרוֹם גֶענוּמֶען
קֶען אִיךְ נָאךְ בֶּעקוּמֶען
צוּרִיק מַיין כֹּחַ װִיא פְרִיהֶער
אוֹי מִילְכָּה מִילְכָּה קוּם אוּנ בְּלַייבּ מִיט מִיר
װֶעסְט דוּא זֶעהְן װִיא אִיךְ װֶעל בְּרְרְרְר
רַאטַא פְלַאם װִיא פְרִיהֶער
עֶס קוּמְט אַ הֶעלְד זֶעהְט אַ הֶעלְד
מִיט אַ רַאטַא פְלַאם אִין דֶעם שְׁלַאכְטְפֶעלְד
הֶערְט מֶען נוּר פֶּרֶץ קוּמְט
מִיט זַיין רַאטַא פְלַאם ופְלַאם! רַאטַאטַא פְלַאם
רַאטַאטַאטַא פְלַאם בְּרְרְרְר פְלַאם רַאטַאטַא פְלַאם.

(אויפטריט מ׳לכה אויס דעם הויזע)

**מילכה:** אוי װען איך האב קיין אירטהום איז דאס . . .

**פרין:** נוא נוא ? װער . . . װער ?

**מילכה:** פּרץ !

**פרין:** נוא יא, װאס זשע שטעהסט דוא נאך פון דיא װייטענס מיין שיינע מילכה ? געדענקסט דוא פאר 2 יאהרען האב איך אויף דעם זעלבען פּלאטץ גענומען פון דיר אבשיעד װען איך מיט דעם גענעראל אבנר װעגען אװעק אין דער שלאכט.

**מילכה:** ביזט דוא עס פּרץ ?

**פרין:** נוא יא װער דען אז נישט פּרץ ?

**מילכה:** (זיפצענד) דער זעלבער פּרץ װאס האט מיך אמאל ליעב געהאט און דאך האט ער עס נישט געפינען דער מיהע װערט מיר א בריעף צו שרייבען דיא גאנצע 2 יאהר.

**פרין:** אבער מילכהלע װיא האב איך צייט געהאט דיר בריעף צו שרייבען אז איך האב מיך געהאלטען אין איין שלאגען ?

**מילכה:** דיא גאנצע צייט ?

**פרין:** װאס פערגעסט דוא ? װעסט עס קוים גלייבען אז דער פּרץ װאס האט אמאל נישט געטשעפּעט א פליעג אויף דער װאנד דער זעלבער פּרץ האט גענומען א װעלט מיט מענשען און האט זייא אויס-געשלאכטעט אזוי װיא דיא לעמער.

**מילכה:** דוא ?

**פרין:** (שטאלץ) איך !!! איך בין ארום געשװומען אין בלוט אזוי װיא א פראש אין װאסער.

**מילכה:** דוא !

**פרין:** איך ! גאנצע לענדער האב איך מיט דיא פיס צוטרעטען, דיא שטארקסטע פעסטונגען האב איך מיט דיא פינגער צעריבען, איך האב גענומען דיא שטארקסטע שטעדט און מיר אריין געלעגט אין ביזעם, אפשר װילסט דוא א שטאדט גיב איך דיר, איך קען דיר גאר נישט אזוי פיעל אויסדערצעהלען װאס איך האב אלץ אזוי פיעל אפגעטהון אין דיא צװייא יאהר אין דיא פערשיעדענע מלחמות.

**מילכה:** דוא און אלץ דוא? נוא און דער גענעראל אבנר ?

פרץ: נוא יָא דֶער גֶענֶעראַל אַבְנֵר אויך, אִיךְ אונ עֶר בְּשוּתְּפוּת.

מילכה: בִּיזְט דוא ווירְקְלִיךְ נִישְׁט מֶעהר דֶער זֶעלְבֶּער פֶּרֶץ פוּן אַמָאל?

פרץ: רֶעד נִישְׁט מֶעהר צוּ מִיר פוּן דֶעם אַמָאלִיגֶען פֶּרֶץ, יֶענֶער פֶּרֶץ וָואס הָאט אַמָאל אוֹיסְגֶעקֶעהְרְט דִיא שְׁטוּב אונ צוּגֶעוויגְט דָאס קִינְד יֶענֶער פֶּרֶץ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען.

מילכה: בָּרוּךְ דַיָן אֱמֶת!

פרץ: יֶעטְצְט וֶעהְסְט דוּא פַאר דִיר אַ שְׁפִּיגֶעל נַייעֶם פֶּרֶץ. (ציהט זיך אויכ שטאָלץ)

מילכה: בָּרוּךְ מְחַיֶה מֵתִים! (זיפצענד) אוֹי דָאס הֶערְץ הָאט עֶס מִיר גֶעזָאגְט.

פרץ: וָואס הָאט דִיר דָאס הֶערְץ גֶעזָאגְט?

מילכה: אַז דוּא וֶועסְט צְווִישֶׁען דִיא סָאלְדַאטֶען פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען.

פרץ: פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען? וָואס רֶעדְסְט דוּא מִילְכָּהלֶע? וויא הָאבּ אִיךְ צַייט גֶעהַאט פֶּערְדָארְבֶּען צוּ וֶוערֶען אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין אַיין שְׁלָאגֶען?

מילכה: אַךְ גֶעדֶענְקְסְט דוּא נָאךְ דֶעם אַלְטֶען פֶּרֶץ וויא עֶהְרְלִיךְ וויא גוּט עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען?

פרץ: עֶהְרְלִיכְקֵייט אונ גוּטְסְקֵייט הָאט דָער נַייעֶר פֶּרֶץ פוּן דֶעם אַלְטֶען פֶּרֶץ עָלָיו הַשָׁלוֹם גֶעיַרְשֶׁענְט.

מילכה: אונ דַיין לִיעבֶּע צוּ מִיר? אִיז זִיא נָאךְ אַזוֹי וויא פַאר 2 יָאהְרֶען?

פרץ: אַזוֹי וויא פַאר 2 יָאהְרֶען נָאךְ מִיט פְּרָאצֶענְט פַאר 2 יָאהְרֶען.

מילכה: אונ דַיין גֶעטְרַיישַׁאפְט?

פרץ: נָאךְ מִיט פְּרָאצֶענְט פוּן פְּרָאצֶענְט.

מילכה: מֵיינְסְט דוּא עֶס דֶען עֶרְנְסְט?

פרץ: ווילְסְט מִיר נִישְׁט גְלוֹיבֶּען? קוּם!

מילכה: וויא אַהִין?

פרץ: חֲתוּנָה הָאבֶּען!

מילכה: (פערשעהמט) אָבֶּער... אָבֶּער דוּא וֶועסְט נָאר זַיין מַיינֶער?

פרץ: פוּן קָאפְּף בִּיז פִּיס.

מילכה: אוֹיף אִימֶער אוּנְד עֶווִיג?

פרץ: אוֹיף דֶער וֶועלְט אונ אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, לְעוֹלָם וָעֶד.

מילכה: פֶּרֶצְ'ל!

פרץ: מִילְכָּה׳לֶע!

מילכה: בִּיזְט דוא עֶרְשְׁט הַיינְט גֶעקוּמֶען?

פרץ: עֶרְשְׁט נִישְׁט לַאנְג.

מילכה: (רייכט איהם דיא האנד) שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם.

פרץ: עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם, וֶוה מִילְכָּה׳לֶע מַיין גֶעטְרַיישַׁאפְט צוּ דִיר, אוּנְז בֵּיידֶע, דָאס הֵייסְט מִיר אוּנ דֶער גֶענֶעֶרַאל אַבְנֵר אִיז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אַקֶעגֶען גֶעלָאפֶען אוּנ דֶער קֶענִיג מִיט אַ גַאנְצֶע פַּארַאדֶע, אִיךְ אָבֶער הָאבּ מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען דֶעם גַאנְצֶען כָּבוֹד דֶעם גֶענֶעֶרַאל אַבְנֵר אַלֵיין אוּנ אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפֶען צוּ דִיר (אימארמט זיא) מַיין שֶׁען מִילְכָּה׳לֶע.

מילכה: (פלעצליך ערשראקען) אוֹי וֶוה נָאר וֶוער עֶס גֶעהְט אַהֶער?

פרץ: וֶוער?

מילכה: דֶער הוֹיפְּטְמַאן אַנְטִיגְנוֹס.

פרץ: נוּא וָואס הָאסְט דוא דִיךְ אַזוֹי דֶערְשְׁרָאקֶען?

מילכה: הָאסְט שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען דָאס דֶער הוֹיפְּטְמַאן אַנְטִיגְנוֹס אִיז דֶעם גֶענֶעֶרַאל אַבְנֵר אַיין בְּלוּט פֵיינְד? אוּנ דָאךְ קוּמְט עֶר דִיא לֶעצְטֶעְרֶע צַייט צוּ אִיזֶבֶל, אַבְנֵר׳ס פְּרוֹיא אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אִיהְר בֶּעסְטֶער פְרֵיינְד, מִיר שְׁרֶעקְט זִיךְ דָאס הֶערְץ פִיר דֶען עֶהְרְלִיכֶען גוּטֶען אַבְנֵר.

פרץ: דֶעם גוּטֶען עֶהְרְלִיכֶען אַבְנֵר וֶועט קֵיין הָאר גֶעקְרִימְט וֶוערֶען זָא לַאנְג פֶּרֶץ טְרָאגְט אַ פַּאנְצֶער. (שלאגט זיך שטאלץ אין פאנצער)

מילכה: אוֹי אֶט אִיז עֶר שׁוֹין דָא.

פרץ: נִישְׁט גֶעשְׁרָאקֶען (שטאלץ) אַז אִיךְ בִּין מִיט דִיר פַאר וֶועמֶען הָאסְט דוא מוֹרָא?

(אויפטריט אנטיגנוס)

אנטיגנוס: אִיזְט דַיינֶע הֶערְרִין צוּ הוֹיזֶע? (ערבליקט פרץ) אָה! בִּיסְט דוא עֶם פֶּרֶץ אַבְנֵר׳ס קְנֶעכְט?

פרץ: (העלדענמיטהיג) אַבְנֵר׳ס פְּרֵיינְד!

אנטיגנוס: (שפאטיש) הַ הַ הַ הַ! אַ גַאנְצֶער מֶענְשׁ גֶעוָוארְדֶען.

פרץ: אַ גַאנְצֶער מֶענְשׁ בִּין אִיךְ תָּמִיד גֶעוֶועזֶען.

אנטיגנוס: אָה? וֶועלְכֶע פְרֶעכְהֵייט פָאן אַיין דִיעֶנֶער! (צו מילכה) גֶעה זַאג דֵיינֶע הֶערְרִין דָאס אִיךְ בִּין הִיער.

פרץ: (הארט ווא מיט זיך) אַזוֹי לַאנג דוּא הָאבּסט נָאך נִיכט קֵיין גֶעשְׁוָואלֶענֶע פִּיס בִּיזט דוּא נִיט קְרַאנְק אַלֵיין צוּ גֶעהְן.

מילכה: אָמֵן.

אנטיגנוס: (וויטהענד) שְׁקְלַאוֶוען! הַאבְּט אִיהְר פֶערְגֶעסֶען וֶוער אִיך בִּין?

פרץ: א הוּנְד מִיט צֵיין! אָבֶּער זָא לַאנְג פֶּרֶץ טְרָאגְט א פַּאנְצֶער וֶועסְט דוּא בַּייסֶען א קְרֶענְק.

מילכה: אָמֵן. (ביידע שטאֶלן אַבמארשירענד לאכען) חַ חַ חַ חַ (געהען צו איהר) הוּהוּ! (אַב)

אנטיגנוס: חַ חַ חַ חַ אַבְנֵר'ס פְרֵיינְדֶע! יַא יַא אַבְנֵר, דֶער הֵייטִיגֶער טַאג גֶעהֶערְט נָאך דִיר, הֵייטֶע נָאך לַאבְּסְט דוּא אוּנְד דֵיינֶע פְרֵיינְדֶע מִיט דִיר, אַבֶּער וֶוער צוּלֶעצְט לַאבְט, לַאכְט אַם בֶּעסְטֶען.

(אויפטריט איזבל)

גְרִיסְט דִיך גָאט אִיזֶבֶל, אוֹיף דֵיין גֶעבָּאט בִּין אִיך הִיער הֶער גֶעקָאמֶען, דָאך וואוּנְדֶערְט עֶס מִיך דַאס גְרַאדֶע הֵייטֶע וֶוען דֶער זִיעגֶענְס גֶעקְרֶענְהְטֶער הֶעלְד אַבְנֵר קָאמְט וִויעדֶער אִין זַיינֶע הֵיימַאט צוּרִיק; גְרַאדֶע הֵייטֶע הַאסְט דוּא נָאך מִיר גֶעשִׁיקְט, בֶּערֵייעֶסְט דוּא פִיעלֵייכְט אוּנְזֶערֶע פֶערְשְׁוֶועהְרוּנְג גֶעגֶען אִיהְם? מֵיינֶעט וֶועגֶען קַאנְסְט דוּא פָאן אוּנְזֶערֶעם בּוּנְד צוּרִיק טְרֶעטֶען וֶוען דוּא וִוילְסְט, אַבֶּער דַאס זַאגֶע אִיך דִיר וִוירְסְט דוּא מִיך פֶערְרַאטֶען זָא ווִירְסְט דוּא מִיט מִיר צוּזַאמֶען פַאלֶען.

איזבל: הַאבּ נוּר קֵיינֶע אַנְגְסְט פְרֵיינְד אַנְטִיגְנוּס, אִיך בִּין נָאך אִימֶער דִיא זֶעלְבֶּע דִיא אִיך וַואר, דָאך צוּעֶרְסְט וִויל אִיך הֶערֶען וֶועלְכֶען פְּלַאן דוּא הַאסְט גֶעגֶען אַבְנֵר אוּנְד אִב דוּא בִּיזְט זִיכֶער דַאס דִיעזֶער פְּלַאן ווִירְד אִיהְם פֶערְדֶערְבֶּען.

אנטיגנוס: פֶערְטִיג אִיזְט דֶער בְּרֶענְשְׁטָאף דִיא גְרֶעסֶע דִיעזֶעס הֶעלְדֶען צוּ צֶערְשְׁטֶערֶען אוּנְד נוּר אֵיין קְלֵיינֶער פוּנְקֶע אִיזְט גֶענוּג אִיהְם צוּ עֶנְטְצִינְדֶען.

איזבל: לַאס הֶערֶען!

אנטיגנוס: מֵיין דִיעגֶער הֶנוֹך בֶּעזִיצְט אֵיינֶע וואוּנְדֶערְבַּארֶע פֶעהִיגְקֵייט פֶערְשִׁיעדֶענֶע הַאנְדְשְׁרִיפְטֶען קוּנְסְטְפָאל נַאך צוּ אַהְמֶען, זָא הַאבֶּע אִיך דֵיין מַאנְס בְּרִיעפֶע וֶועלְכֶע דוּא אִין מֵיינֶע הֶענְדֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען

הַאסְט זָא קוּנְסְטְרֵייךְ אוּנְד גֶעשִׁיקְט מִיט פַאלְשֶׁע בּוּכְשְׁטַאבֶּען דוּרְךְ-וֶועבְט דַאס עֶר גֶעפַאנְגֶען בְּלֵייבְּט אִין זֵיינֶעם אֵייגֶענֶען נֶעטְץ, זֵיינֶע בְּרִיעפֶּע צוּ דִיר וִויא זִיא יֶעטְצְט לוּיטֶען קְלַאגֶען אִיהְם אַן אַלְס פֶּערְרֶעטֶער אַן דֶעם קֶענִיג אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד, נוּן אִיזֶבֶל בִּיזְט דוּא מִיט דִיעזֶען פְּלַאן אֵיינְפֶערְשְׁטַאנְדֶען?

**איזבל:** יַא וִויר זִינְד אֵיינִיג, אָבְוָואהְל דִיא אוּרְזַאכֶע דִיא אוּנְז דַאצוּ טְרֵייבְּט אִיזְט פֶערְשִׁיעדֶען, דִיךְ טְרֵייבְּט דַאצוּ דֶער נֵייד אִיבֶּער אַבְנֵר׳ס גְרֶעסֶע אִיךְ אַבֶּער אַטְהְמֶע רַאכֶע... הֶערֶע אוּנְד דַאן אוּרְטְהֵיילֶע אִיבֶּער אֵיינֶע פְּרוֹיא וֶועלְכֶע זִיךְ גֶעגֶען אִיהְרֶען אֵייגֶענֶען מַאן פֶערְשְׁוָואהְרֶען הַאט, 3 יַאהְרֶע נַאךְ מֵיינֶע הָאכְצֵייט מִיט אַבְנֵר הַאט אוּנְז גָאט מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען קִינְד גֶעזֶעגְנֶעט עֶס וַואר אֵיין וואוּנְדֶער-שֶׁעהְנֶער קְנַאבֶּע, אִין אֵיינֶעם אַבֶּענְד בִּין אִיךְ מִיט מֵיינֶעם גֶעלִיעבְּטֶען זָאהְן אַן מֵיינֶער בְּרוּסְט אִין אֵיין טִיעפֶען שְׁלַאף פֶערְזִינְקֶען, אַלְס אִיךְ עֶרְשְׁט אַם אַנְדֶערֶען מָארְגֶען עֶרְוַואכֶע וַואר מֵיין קִינְד פֶערְשְׁווִינְדֶען, אוֹיף מֵיין פְּרַאגֶע הַאט מִיר מֵיין דִיענֶער עֶנְטְדֶעקְט אַז מֵיין קִינְד אִיזְט וֶועהְרֶענְד דִיא נַאכְט פְּלֶעטְצְלִיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אוֹיף אַבְנֵר׳ס בֶּעפֶעהְל הַאט עֶר דִיא לֵייכֶע שְׁנֶעל פָאן מֵיינֶער בְּרוּסְט עֶנְטְפֶערֶענְט נָאךְ בֶּעפָאר אִיךְ הַאבֶּע עֶרְוַאכְט. פָאר 2 יַאהְרֶען וִויא דוּא ווֵייסְט הַאט אַבְנֵר מִיט זֵיינֶער אַרְמֶעע וִויעדֶער אִין קְרִיעג גֶעצוֹיגֶען, אִין אֵיין קוּרְצֶע צֵייט הַאבֶּע אִיךְ פָאן מֵיין מַאן אֵיינֶען בְּרִיעף עֶרְהַאלְטֶען אִין וֶועלְכֶעם עֶר מִיר שְׁרֵייבְּט דַאס, ווֵייל עֶר ווֵייסְט נִיכְט אָב עֶר וִוירְד פָאן דִיא בְּלוּטִיגֶע שְׁלַאכְטֶען לֶעבֶּענְדִיג נַאךְ הוֹיזֶע קָאמֶען זָא מוּס עֶר מִיר אֵיינֶע גְרָאסֶע זִינְדֶע גֶעשְׁטֶעהֶען.

**אנטיגנוס:** אֵיינֶע גְרָאסֶע זִינְדֶע זָא?

**איזבל:** אוּנְזֶער זָאהְן שְׁרֵייבְּט עֶר מִיר, אוּנְזֶער עֶרְשְׁטֶעס קִינְד פָאר 18 יַאהְר אִיזְט נִיכְט אַן מֵיינֶער בְּרוּסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען וִויא מֶען הַאט מִיר דַאמַאלְס גֶעזַאגְט וָאנְדֶערְן עֶר, דֶער פַאטֶער הַאט אִיהְם אוֹיס מֵיינֶעם בֶּעט גֶעשְׁטָאהְלֶען אוּנְד אִיהְם טֶעטֶען לַאסֶען.

**אנטיגנוס:** דֶער אֵייגֶענֶער פַאטֶער זַיין קִינְד עֶרְמָארְדֶעט? וִויא שְׁרֶעקְלִיךְ! אַבֶּער וַוארוּם?

**איזבל:** דוּרְךְ אֵיין טְרוֹים.

**אנטיגנוס:** דורך איין טרוים?

**איזבל:** אַלס וויר נאָך קינדערלאַו וואַרען שרייבט ער מיר ווייטער דאַ וואורדע ער פאָן איין פירכטערליכען טרוים געמאַרטערט איינע נאַכט נאַך דער אַנדערע, דיא קליינע געלעהרטע וועלכע ער האַט אַנגעפראַגט האַבען איהם געדייטעט דאַס איהם ווירד איין זאָהן, וועלכער ווירד צוזאַמען מיט דיא ווילדע היידען קעמפפען געגען אונזער היילינ׳ פאַטערלאַנד, געבאָרען ווערדען, זאָגאַר געגען זיין איינענעם פאַטער ווירד דיזער זאָהן זיין שווערד ערהעבען אונד שפּעטער וויא איך ווירקליך איינען זאָהן געבאָרען האַבע, האַט ער זיך מיט שרעקען ערינערט אַן יענע פורכטבאַרע פּראָפעציייהונג, דאַמאַלס וואַר זיין ענטשלוס פעסט ליעבער זאָ איין קינד צו פערליערען אַלס איינען שענדליכען פערברעכער צו ערציעהען, מיך האַט ער שרייבט ער מיר מיט שלאַף געטראַנק בעטייבט אונד וועהרענד דער נאַכט האַט ער דאַס קינד אויס מיינע אַרמע ענטריסען אונד עס איינעם פאָן אונזערע טרייע דיענער איבערגעבען וועלכער האַט עס אומגעבראַכט.

**אנטיגנוס:** וויא שרעקליך, וויא אונערהערט! דוא האָסט פאָלקאָמען רעכט איהם צו פעראַכטען.

**איזבל:** וואַס איך האַבע געפיהלט וועהרענד איך האַבע דיעזען בריעף געלעזען דאַס קענט איהר מענער ניכט עמפּפינדען נור איינע מוטער, נאַר דיא קען מיינען שמערץ בעגרייפען.

**אנטיגנוס:** אַרמע מוטער, בעדויערנסווערטע מוטער! (טראמפעטען שאלל)

**איזבל:** דאַס פאָלק יובעלט איהם ענטגעגען, אַבער אונטער דיעזען יובעל־געשרייא הערע איך אויך מיין קינדס יאָמער געשרייא. יאַ פריייע דיך אַבנר! פריייע דיך נאָך הייטע, דען שאָן מאָרגען איזט דיין גליק צושטערט, דיין גלאַנץ פערלאָשען, דיין נאַמען פערניכטעט, מאָרגען וויל איך צו דיינער לוסט וויא אויך צו דיינעם לעבען מאַכען איינע ענדע. (אַב)

**אנטיגנוס:** חַ חַ חַ חַ זאָ זאָ איין ווייב איזט... עבען נור אַ ווייב, אין איהרע אויגען איזט אַבנר איין מערדער, דיא אורזאַכע דיא איהם

דאצו געטריעבען האט וויל זיא ניבט וויסען, דעסטא בעסער פיר מיך, נון אבער ענדליך האט דיינע שטונדע געשלאגען אונד אן דיינע שטעלע קאמע איך.

(אויפטריט חנוך)

**חנוך:** (קלאפט איהם אין שילטער) אונ איך? וויא בין איך?

**אנטיגנוס:** דוא ביזט עס חנוך?

**חנוך:** איך בין עס חנוך! דער אומגליקליכער חנוך, דער פערליעבטער חנוך!

**אנטיגנוס:** האסט מיר עטוואס צו זאגען?

**חנוך:** געוויס!

**אנטיגנוס:** וואס?

**חנוך:** איך בין אומגליקליך! איך בין פערליעבט!

**אנטיגנוס:** דאס האב איך שאן פאן דיר געהערט 100 מאל.

**חנוך:** נאך איין מאל הערע עס וועט עס זיין 100 מיט איין מאל וועסט דוא עס נישט מעהר פערגעסען, געדענקסט דוא ווען דוא האסט מיר געגעבען דעם גענעראל אבנר'ס בריעפע איך זאל זייא פעלשען...

**אנטיגנוס:** שטיל.

**חנוך:** שש... איך ווייס, איך ווייס... סאיז א סוד... שש... געדענקסט דוא ווען דוא האסט מיך געהייסען נאך מאכען זיין האנדשריפט אונ האבסט מיר געהייסען שרייבען......

**אנטיגנוס:** שטיל.

**חנוך:** דוא ווייסט שוין וואס דוא האסט מיר געהייסען דארט אריין שרייבען, געדענקסט דוא וויא דוא האסט מיר געוואלט געבען געלד האב איך געזאגט איך וויל נישט קיין געלד נאר א קליינינגקייט, האסט דוא געזאגט ווא[illegible] פאר א קליינינגקייט? האב איך געזאגט איך בין פערליעבט אין דער שענער שלומית דעם גענעראל אבנר'ס טאכטער אונ וויל זיא פאר א ווייב, קענסט דוא מיר אויספיהרען דעם שידוך וועל איך דיר שרייבען דיא בריעף, האסט דוא געגעבען א שמייכעל, האב איך געגעבען א זיפץ, האסט דוא אויסגעשאסען איין געלעכטער, האב איך אויסגעשאסען א געוויין, האסט דוא געזאגט דומער יונגע האב איך געזאגט ליעבער הערר, האסט דוא געזאגט שרייב, האב

אִיךְ גֶעוָאגְט נוּא, הָאסְט דוּא גֶעוָאגְט נוּא נוּא, הָאבּ אִיךְ גֶעוָאגְט וָואס נוּא נוּא, הָאסְט דוּא גֶעוָאגְט עֶס וֶועט שׁוֹין זַיין רֶעכְט שְׁרַייבּ, הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען. אוּנ אִיךְ וַוארְט פוּן אַיין טָאג אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען אַז עֶס זָאל שׁוֹין וֶוערֶען רֶעכְט, אוּנ אִיךְ וַוארְט אוּנ וַוארְט אוּנ עֶס הַייבְּט זִיךְ נִיט אָן אוּנ עֶס לָאזְט זִיךְ נִיט אוֹיס. (שרייבט מיט דער פּעדער אין דער לופט).

אנטיגנוס: (אפּארט) דֶער עֶזֶעל הַאט זִיךְ דַאס גַאנְץ עֶרְנְסְט אִין קָאפְּף אַרַיין גֶעזֶעטְצְט, נוּן פַאר דֶער הַאנְד מוּס אִיךְ אִיהְם נָאךְ אִין מַיינֶע הֶענְדֶע הַאלְטֶען, שְׁפֶּעטֶער וֶוערְדֶע אִיךְ שָׁאן וִויסֶען וִויא אִיהְם אוּנְשֶׁעדְלִיךְ צוּ מַאכֶען, (לויט) חֲנוֹךְ!

הנוך: הַא?

אנטיגנוס: זָא פִּיעל זָאלְסְט דוּא דָאךְ וֶועניגְסְטֶענְס פֶערְשְׁטֶעהֶען דַאס זָא לַאנְגֶע אַבְנֵר אִיזְט זָא גְרָאס דַארְפְסְט דוּא דַארַאן גַאר נִיכְט דֶענְקֶען.

חנוך: אוּמְגְלִיקְלִיכֶער חֲנוֹךְ!

אנטיגנוס: אַבֶער יֶענֶע גֶעווִיסֶע בְּרִיעפֶע?

הנוך: הַמְ... הַמְ... שְׁ... נוּא נוּא וַוייטֶער.

אנטיגנוס: יֶענֶע בְּרִיעפֶע וֶוערְדֶען אַבְנֵר'ן פָאן דֶער וֶועלְט וֶועקְשַׁאפֶען.

הנוך: (זיפצט) בָּרוּךְ דַיָן אֱמֶת.

אנטיגנוס: אוּנְד דַאן אִיזְט גַאר קֵיין צְוַוייפֶעל דַאס אִיךְ בֶּעקָאמֶע זַיינֶע פָּאסְטָען.

הנוך: אוּנ אִיךְ זַיין טָאכְטֶער! אוֹי אָבֶער וֶוען? טַייעֶרֶער לִיעבֶּער גָאלְדֶענֶער הֶערְר וֶוען?

אנטיגנוס: צוּם טַייפֶעל! זַייא דָאךְ נִיכְט זָא אוּנְגֶעדוּלְדִיג.

חנוך: (וויינענד) וָואס בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג אַז עֶס הָאט מִיר צוּגֶעטְרֶעטֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין כֹּחַ נִיט לֶענְגֶער צוּ וַוארְטֶען, קוּמְט אוֹיף דֶער נַאכְט קֶען אִיךְ נִיט שְׁלָאפֶען, קוּמְט אִין דֶער פְּרִיה קֶען אִיךְ נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, קוּמְט בַּייא טָאג קֶען אִיךְ נִיט עֶסֶען, קוּמְט אוֹיף דֶער נַאכְט קֶען אִיךְ ווִיעדֶער נִישְׁט שְׁלָאפֶען, קוּמְט אִין דֶער פְּרִיה קֶען אִיךְ ווִיעדֶער נִישְׁט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, קוּמְט בַּייא טָאג...

אנטיגנוס: (אונגעדולריג) גֶענוּג.

**הנוך:** קֶען אִיךְ וִויעדֶער נִיט עֶסֶען, קוּמְט אוֹיף דֶער נַאכְט קֶען אִיךְ וִויעדֶער נִישְׁט שְׁלָאפֶען, קוּמְט אִין דֶער פְרִיה...

**אנטיגנוס:** גָאט אִים הִימֶעל אִיךְ וֶוערְדֶע פֶערְרִיקְט, הֶער אוֹיף.

**הנוך:** קֶען אִיךְ וִויעדֶער נִישְׁט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, קוּמְט בַּייא טָאג...

**אנטיגנוס:** אָה וֶועה! (פֿערשטאָפּט זיך דיא אָהרען לויפֿט אַב)

**הנוך:** קֶען אִיךְ וִויעדֶער נִיט עֶסֶען, קוּמְט אוֹיף דֶער נַאכְט... (I. Ritt.) וָואהִין אִיזְט עֶר הִינְגֶעקוּמֶען?... נוּא דוּא וֶועסְט מַיינֶע פָּטוּר נִישְׁט וֶוערֶען, אִיךְ וֶועל דִיךְ אַזוֹי לַאנְג נִידֶען בִּיז אִיךְ וֶועל פוּן דִיר אַרוֹיס נִידֶען מַיין גֶעלִיעבְּטֶע שְׁלוֹמִית, קוֹים אָבֶּער נִישְׁט, קוֹים בֶּעקוּם אִיךְ נִישְׁט אַבְנֵר׳ס טָאכְטֶער, בֶּעקוּמְסְט דוּא נִישְׁט אַבְנֵר׳ס שְׁטֶעלֶע, חֶנוֹךְ וֵוייסְט וָואס עֶר הָאט צוּ טְהוּן, חֶנוֹךְ קֶען פֶּעלְשֶׁען בְּרִיעף, חֶנוֹךְ קֶען אָבֶּער אוֹיךְ זָאגֶען דֶעם אֱמֶת, וֶועסְט דוּא נִישְׁט הַאלְטֶען דַיין וָוארְט וֶועל אִיךְ נִישְׁט הַאלְטֶען מַיין מוֹיל, אִיךְ זָאג אוֹיס פוּן חֵדֶר. (II. Ritt.)

I.

חֶנוֹךְ וֵוייסְט אוּנ קֶען אַלְדִינְג
פֶערְשְׁטֶעהְט אַ יֶעדֶען אוֹיף דֶעם וִוינְק
מִיט דֶעם הֶענְטֶעלֶע לַייכְט אוּנ גְרִינְג
אוּנ מִיט דֶעם פִיסֶעלֶע שְׁנֶעל אוּנ פְלִינְק
דַארְף אִיךְ שְׁרַייבּ אִיךְ מִיט מַיין פֶעדֶער רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם
דַארְף אִיךְ זָאג אִיךְ אוֹיס פוּן חֵדֶר אַז רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם.

II.

אַ כַּלָה גֶעפִינֶען אוֹי הָאבּ אִיךְ
אַזוֹי בֶּערִיהְמְט זִיךְ אֵיינֶער פַאר מִיר
אַ פָּנִים הָאט זִיא אַזוֹי וִויא אַ רוּחַ
אָבֶּער גֶעלְד בֶּעקוּם אִיךְ אַ סַךְ פוּן אִיהְר
בֶּעקוּמֶען הָאט עֶר דָאס וֵוייסְט נִיט אַ יֶעדֶער רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם
זָאל אִיךְ אוֹיסְזָאגֶען פוּן דֶעם חֵדֶר אַז רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם.

III.

אַיינְער קוּמְט צוּ זַיין פְּרַיינְד אִין שְׁטוּבּ
אוּנ טְרֶעפְּט זַיין פְּרוֹיא גַאנְץ אֵיינֶע אַלֵיין
עֶר זָאגְט אִיהְר עֶר הָאט זִיא לִיעבּ
דְרוֹיף קוּמְט אָן דֶער מַאן צוּ גֶעהְן
אוֹי הָאט עֶר גֶעהַאפְּט בְּסֵדֶר רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם
אַ יוּנְגֶעלֶע זָאגְט נִיט אוֹיס פוּן חֵדֶר אַז רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם.

IV.

אַיין אַלְטֶער מַאן הָאט דֶתוּנָה גָאר
מִיט אַ מֵיידֶעלֶע יוּנְג אוּנ שֶׁען
נָאךְ דֶער הֲתוּנָה קוֹים אַ יָאהְר
קְלָאגְט דֶער אַלְטֶער מִיט גֶעוֵויין
פוּן מַיין גֶעלְד בִּין אִיךְ גְרִינְג וִויא אַ פֶּעדֶער רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם
אוּנ מַיין וַוייבּ הָאט מִיר אוֹיסְגֶעזָאגְט פוּנ'ם חֵדֶר אַז רִיטְשׁוּ
פָּאטְשִׁי, טִיטְשִׁי, טַאטְשִׁי, שְׁרָאם, בָּאם, בָּאם.

(טאנץ, אַב)

---

## פֶּערְוַואנְדְלוּנְג

(איין פרייער פלאטץ דעקארירט מיט פאהנען אונד בלומען, אים הינטער־גרונד וואססער, לינקס איין טראָן, אויפטריט כאלראטען, תלמי, פאזישען).

תלמי: זַייא ווילְקָאמֶען גְרָאסֶער זִיעגֶער
זַייא ווילְקָאמֶען גְרָאסֶער קְרִיעגֶער
עמְפְּפַאנְגְט מִיט עֶהְרֶע דֶעם גְרָאסֶען הֶעלְד (קָאָהר ביס)
בֶּערִיהְמְט אִיזְט עֶר יֶעטְצְט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט
דֵיינֶע פְרֵיינְד דֵיינֶע פְרֵיינְד
טָאדְט אוּנְד פֶערְדֶערְבֶּען אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד (טאנץ)

(חנוך אונד טענצער זינגען אונד טאנצען, אויפטריט **אבנר** פון קוליססען)

אבנר: זִיעהֶע הֵיימַאט זַייא מִיר ווילְקָאמֶען
אוֹיף דֵיינֶע מוֹיֶערְען בִּין אִיךְ וִויעדֶער צוּרִיק
זַייא גֶעגְרִיסְט טְהֵייעֶר פַאטֶערְלַאנְד
דֵיינֶען בָּאדֶען בֶּעטְרֶעט אִיךְ בַּאלְד בַּאלְד וִויעדֶער צוּרִיק.

(ערשיינט אויף איין דעקארירטעם שיף כהנים לווים).

קאהר: עֶס לֶעבֶּע דֶער הֶעלְד זַייא ווילְקָאמֶען
ווילְקָאמֶען זַייא מִיט גְלִיק
הֵייל דִיר גְרָאסֶער הֶערְשֶׁער אוּנְד גְרָאסֶער זִיעגֶער
זַייא ווילְקָאמֶען אִין דֵיינֶער הֵיימַאט צוּרִיק
וִיוַואט גְרָאסֶער הֶעלְד הֵייל הֵייל הֵייל.

אבנר: (קניעט פאר קעניג לעגט פאר איהם דיא לארבערקרענצע) מֵיין הֶערְר אוּנְד קֶענִיג דִיעזֶע לָארְבֶּער קְרָאנֶע דִיא שֶׁעהְנְסְטֶע צִיערְדֶע אֵיינֶעס קְרִיעגֶערְס, נַאכְדֶעם זִיא קוּים מֵיינֶען קָאפְּף בֶּערִיהְרְט הַאט, לֶעגֶע אִיךְ מִיט עֶהְרְפוּרְכְט וִויעדֶער צוּ פִיעסֶען דִיר, דֶעם זִיא אַלֵיין גֶעהֶערְט, דֶענְן נוּר דִיא נַאמֶען גָאט, קֶענִיג אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד הַאבֶּען שְׁטֶענְדִיג פָאר מֵיינֶע אוֹיגֶען גֶעשְׁוֶועבְּט אוּנְד מִיךְ גֶעפִיהְרְט צוּם זִיעג, נוּר דִיעזֶע יוּנְגְלִינְגֶע מֵיין קֶענִיג (זייא טרעטען פאר אונד קניען) אַלֶע פִירְכְטֶען קִינְדֶער

פָאן אוּנְזֶערֶע פֶערְשִׁיעדֶענֶע פֵּיינְדֶע װֶעלְכֶע הַאבֶּען גֶעגֶען מִיךְ װִיא הֶעלְדֶען גֶעקֶעמְפְּפְט אוּנְד װֶעלְכֶע אִיךְ הַאב עֶנְדְלִיךְ דָאךְ בֶּעזִיעגְט אוּנְד גֶעפַאנְגֶען מִיטְגֶעבְּרַאכְט, דִיעזֶע עֶמְפְּפֶעהְלֶע אִיךְ דֵיינֶער גְנַאדֶע מֵיין גוּטֶער קֶענִיג, דֶען אִיךְ הַאבֶּע זִיא אוֹיף דֶעם שְׁלַאכְטְפֶעלְד אַלְס בְּרַאװֶע קִינְדֶער קֶענֶען גֶעלֶערְנְט.

**קעניג:** מֵיין טַאפְּפֶערֶער אוּנְד טְרֵייעֶר אַבְנֵר, װַאס אִיךְ פָאן דִיר עֶרְ-װַארְטֶעט הַאבֶּע װֶען אִיךְ הַאבֶּע דִיךְ צוּם פִיהְרֶער פָאן אוּנְזֶערֶע טְרוּפְּפֶען בֶּעשְׁטִימְט, דַאס הַאסְט דוּא עֶרְפִילְט, דַארוּם זָאל דִיעזֶע לָארְבֶּער קְרָאהְנֶע װֶעלְכֶע דוּא הַאסְט עֶהְרְלִיךְ פֶערְדִיעְנְט נוּר דֶען קָאפְּף דֶעם טַ־ייעֶן הֶעלְדֶען צִיעֶרֶען, (זעטצט זיא אויף אבנר'ס קָאפְּף) דָאךְ בְּלָאס מִיט דִיעזֶעם צֵייכֶען דֶער עֶהְרֶע הַאט זִיךְ מֵיינֶע דַאנְק-בַּארְקֵייט צוּ דִיר נָאךְ נִיכְט גֶעעֶנְדִיגְט, צוּפִיעל בְּלוּט הַאסְט דוּא פִיר דַיין פַאטֶערְלַאנְד פֶערְגָאסֶען, אַבֶּער דֶער קְרִיעג אִיזְט שָׁאן יֶעטְצְט צוּ עֶנְדֶע, יֶעטְצְט בֶּעדַארְף אִיךְ שָׁאן נִיכְט מֶעהְר דֵיינֶען שְׁטַארְקֶען אַרְם! נֵיין! דֵיינֶען קְלוּגֶען רַאטְה װֶעלְכֶער זָאל אוּנְז אִים פְרִיעדֶען בֶּעשִׁיטְצֶען, דֶען בֶּעדַארְף אִיךְ יֶעטְצְט, זָא זַייא פָאן דִיעזֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיק אַן מֵיין עֶרְשְׁטֶער רַאטְהְגֶעבֶּער.

**אלע:** הָאךְ!

**קעניג:** אוּנְד נוּן דִיעזֶע יוּנְגְלִינְגֶע װֶעלְכֶע הַאבֶּען דֵיין סִימְפַּאטִיע גֶעװָאנֶען אוּנְד הַאסְט זִיא מֵיינֶער גְנַאדֶע עֶמְפְּפָאהְלֶען, דִיא שֶׁענְקֶע אִיךְ דִיר אַלְס אֵייגֶענְטְהוּם, אִיהְר שִׁיקְזָאל קֶען אִיךְ קֵיינֶע בֶּעסֶערֶע הֶענְדֶע אַנְפֶערְ-טְרוֹיעֶן אַלְס אִין דִיא דֵיינִיגֶע, יֶעטְצְט אַבֶּער מֵיין בְּרַאװֶער אַבְנֵר אִיזְט עֶס עֶנְדְלִיךְ צֵייט אוֹיף אַן דֵיין הֵייזְלִיכֶעס גְלִיק צוּ דֶענְקֶען, זִיעהֶע דֵיינֶע נַאטִין אוּנְד טָאכְטֶער װַארְטֶען דִיךְ צוּ בֶּעגְרִיסֶען.

(איזבל, שלומית קומען עטוואס פריהער)

**שלומית:** (אויף זיין האלז פאלענד) פַאטֶער! מֵיין הֶערְצֶענְס גֶעלִיעבְּטֶער פַאטֶער! װִיא גֶעװֶעהְנְט הַאב אִיךְ מִיךְ נָאךְ דִיעזֶען זִיעסֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק.

**אבנר:** טֵייעֶרֶעס קִינְד... גֶעלִיעבְּטֶעס װַייבּ, עֶרְשְׁט יֶעטְצְט װֵייס אִיךְ מֵיין גְלִיק צוּ שֶׁעטְצֶען דַא אִיהְר עֶס מִיט מִיר טְהֵיילְט, שְׁלוֹמִית הֶערְצֶענְס קִינְד! אִין װֶעלְכֶער שֶׁעהְנְהֵייט בִּיזְט דוּא אִין דִיא פָאאר יָאהְרֶע אוֹיפְגֶעבְּלִיהְט! װַאכֶענְד אוּנְד טְרֵיימֶענְד הַאב אִיךְ נִיכְט אוֹיפְ-

גֶעהֶערְט פָאן דִיר צוּ פַאנְטַאזִיעֶרֶען אוּנְד יֶעטְצְט וֶעה אִיךְ דִיךְ אִין
דֶער וִוירְקְלִיכְקַייט פָאר מִיר שְׁטֶעהֶען, אֵיינֶע שֶׁענֶע לִיעבְּלִיכֶע בְּלוּמֶע,
מִיט טְרֵייעֶר זֶעעלֶע דַאנְקֶע אִיךְ דִיר אִיזֶבֶל פִיר דֵיינֶע זָארְגֶען וֶועגֶען
אוּנְזֶער קִינְד, דָאךְ אִיזֶבֶל וֶועלְכֶער קוּמֶער שְׁפְּרִיכְט פֶערְבָארְגֶען אוּיס
דֵיינֶעם טְרוּיעֶרִיגֶען בְּלִיק? בִּיזְט דוּא קְרַאנְק? אָדֶער הַאט אֵיין אוּנְגְלִיק
אִין אוּנְזֶערֶעם הוֹיזֶע פַאסִירְט?

**איזבל:** מִיךְ דְרִיקְט קֵיינֶע קְרַאנְקְהַייט, אוֹיךְ אִין אוּנְזֶערֶעם הוֹיזֶע הַאט
קֵיין אוּנְגְלִיק פַאסִירְט.

**אבנר:** דָאךְ!

**איזבל:** זֵייא גַאנְץ רוּהִיג, לַאס דִיךְ נוּר נִיכְט שְׁטֶערֶען.

**אבנר:** (אפארט) שֵׁיינְט עֶס מִיר נוּר? נוּן מֵיינֶע לִיעבֶּען, בֶּעפָאר אִיהְר
פִיהְרְט מִיךְ אִין אוּנְזֶערֶעם הוֹיזֶע צוּרִיק לַאסְט מִיךְ נוּר נָאךְ אֵיינֶע
זַאכֶע בֶּעזָארְגֶען, (צו דיא יונגלינגע) קִינְדֶער! אַלְס קְרִיעגֶעס גֶעפַאנְגֶענֶע
הַאבּ אִיךְ אֵייךְ אוּיס וֵוייטֶע לֶענְדֶער הִיערְהֶער גֶעבְּרַאכְט, דֶער גוּטֶער
קֶענִיג הַאט אֵייךְ מִיר צוּם גֶעשֶׁענְק גֶעמַאכְט, זָא בִּין אִיךְ אֵייעֶר
גֶעבִּיעטֶער אוּנְד אֵייגֶענְטְהִימֶער, נוּן הַאבֶּע אִיךְ אֵיין רֶעכְט צוּ טְהוּן מִיט
אֵייךְ וַואס אִיךְ וִויל, זָא הֶערְט וֶועלְכֶען גֶעבְּרוֹיךְ אִיךְ מַאכֶע יֶעטְצְט
פָאן מֵיינֶעם רֶעכְט, אִיךְ עֶרְקְלֶעהְרֶע אֵייךְ אַלֶע פְרֵייא!

**אלע:** (קניען אויסער תלמי) עֶדְלֶער אַבְנֵר!

**אבנר:** גֶעהְט אֵייךְ יֶעדֶער נַאךְ זֵיינֶע הֵיימַאט צוּרִיק, אוּנְד זָא וִויא אִיהְר
הַאבְּט בִּיז יֶעטְצְט גֶעגֶען אוּנְז גֶעקֶעמְפְּפְט אַלְס פֵיינְדֶע זָא זָאלְט אִיהְר
פָאן נוּן אַן פִיר אוּנְז קֶעמְפְּפֶען אַלְס פְרֵיינְדֶע.

**אלע:** וִויר שְׁוֶועהְרֶען! (שטעהען אויף)

**אבנר:** (צו תלמי) תַּלְמַי דוּא דַאנְקְסְט מִיר נִיכְט זָא וִויא דֵיינֶע קַאמֶערַאדֶען?
אִיךְ הַאבּ אֵייךְ אַלֶע דִיא פְרֵייהַייט גֶעשֶׁענְקְט, בִּיזְט דוּא דֶען מִיט
דִיעזֶעם אוּנְצוּפְרִיעדֶען?

**תלמי:** פִיר דֵיין עֶדְלֶעס הֶערְץ גֶענֶערַאל בְּלֵייבּ אִיךְ דִיר עֶווִיג דַאנְקְבַּאר,
דָאךְ אִיךְ מוּס עֶס בֶּעקֶענֶען, זֵייט וִויר הַאבֶּען אוּנְז אוֹיף דֶעם שְׁלַאכְט-
פֶעלְד בֶּעגֶעגְנֶעט אוּנְד מֵיינֶע שַׁארְפֶע קְלִינְגֶע הַאט שִׁיעֶר דֵיין הֶערְץ
דוּרְכְבָּאהְרְט אוּנְד דוּא הַאסְט מִיךְ דָאךְ בֶּעזִיעגְט אוּנְד גֶעפַאנְגֶען
גֶענָאמֶען, זֵייט דַאמַאלְס הַאט דֵיין אַנְבְּלִיק מִיט לִיעבֶּע אוּנְד עֶהְרֶ-

פורְכְט מֵיין הערץ עֶרְפִילְט אוּנְד אַלְס קְנֶעכְט אִין דֵיינֶעם הויזֶע וֶוערְדֶע אִיךְ מִיךְ גְלִיקְלִיכֶער שֶׁעטְצֶען אַלְס פְרֵייא אוּנְד פָאן דִיר גֶעשִׁיעדֶען.

**אבנר:** גוּט בְּלֵייבֶּע אִין מֵיינֶעם הויז, אַבֶּער נִיכְט אַלְס קְנֶעכְט זָאנְדֶערְן אַלְס מֵיין זָאהְן, (תלמי קישט זיין האנד, שלוכצט שטיל) אוֹיף דֶעם שְׁלַאכְט-פֶעלְד הַאבּ אִיךְ דֵיין הֶעלְדֶענְמוּטְה אוּנְד דֶען פָאלֶען וֶוערְט דֵיינֶער שֶׁענֶער זֶעעלֶע קֶענֶען גֶעלֶערְנְט, אִיךְ לִיעבֶּע זָאלְכֶע הֶערְצֶען וִויא דַאס דֵיינִיגֶע, (פיהרט איהם צו איזבל) אִיזֶבֶל מֵיין גֶעלִיעבְּטֶעם וֵוייבּ, פַּאסְט מִיט אַלֶען גוּטֶען הָאט אוּנְז גָאט גֶעזֶעגְנֶעט אוֹיסֶער (זיפצט) מִיט אֵיינֶעם זָאהְן, זִיעהֶע הֶער, דִיעזֶער עֶדְלֶער יוּנְגְלִינְג גְלוֹיבֶּע עֶס מִיר עֶר אִיזְט וֶוערְט אוּנְז דֶען פֶערְלָארֶענֶען זָאהְן צוּ עֶרְזֶעטְצֶען.

**איזבל:** נֵיין! מֵיינֶען פֶערְלָארֶענֶען זָאהְן קַאן מִיר קֵיין פְרֶעמְדֶער עֶרְזֶעטְצֶען.

**שלומית:** (ביטענד) מוּטֶער!

**איזבל:** לַאס מִיךְ טָאכְטֶער, הֶעטֶעסְט דוּא גֶעוואוּסְט וַואס אִין מֵיינֶעם הֶערְצֶען פָארְגֶעהְט.

**שלומית:** גֶעלִיעבְּטֶער פַאטֶער! זַייא נִיכְט טְרוֹירִיג, אִיךְ וֶוערְדֶע מִיךְ בֶּעמִיהֶען פִיר דִיעזֶען יוּנְגְלִינְג אוֹיךְ דִיא מוּטֶער צוּ גֶעווִינֶען! תַלְמַי וַויינֶע נִיכְט, הַאט מֵיין פַאטֶער דִיךְ וִוירְדִיג גֶעפִינְדֶען דִיר אֵיין פַאטֶער צוּ זַיין, זָא ווִיל אִיךְ אוֹיךְ דִיר אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער זַיין. (תלמי קניעט קישט איהר האנד).

**קעניג:** (וועלכער האט ביז יעטצט שטיל געשפראָכען מיט אנטיגנוס) גֶענוּג אִיךְ ווִיל נִיכְטְס מֶעהְר דַאפָאן הֶערֶען, (שטעהט אויף) בֶּעגְרִיסֶעט אַלֶע דֶעם טַאפְּפֶערֶען אַבְנֵר אַלְס מֵיינֶען עֶרְשְׁטֶען מִינִיסְטֶער!

**אלע:** הֵידָד!

**קעניג:** אוֹיף מֵיין טַאפְּפֶערֶע קְרִיעגֶער אוֹיף צוּם פֶעסְט
אֵיין פֵייעֶרְטַאג אִיזְט הֵייטֶע אִיהְר זֵייט אַלֶע מֵיינֶע גֶעסְט
צוּ עֶהְרֶע פָאן אוּנְזֶערֶעם הֶעלְדֶען
רֶעטֶער פָאן אוּנְזֶער פַּאטֶערְלַאנְד
מֵיין טְרֵייעֶר פְרֵיינְד אוּנְד בְּרוּדֶער
דוּא בִּיזְט אוּנְד בְּלֵייבְּסְט מֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד.

**קאהר:** וְויוַואט וְויוַואט וְויוַואט!
בֶּעגְרִיסֶעט מִיט יוּבֶּעל אוּנְזֶער גְרָאסֶען הֶערְשֶׁער

**שלומית:** הֵייל דִיר גְרָאסֶער קְרִיעגֶער
אִיךְ בֵּייגֶע מִיךְ פָאר דֵיינֶעם טְרָאהְנֶע
אוּנְד מֵיין פַאטֶער דוּא גְרָאסֶער זִיעגֶער
הַאסְט פֶערְדִיעְנְט מִיט רֶעכְט דִיא לָארְבֶּער קְרָאהְנֶע.

**קאהר:** בֶּעגְרִיסֶעט מִיט יוּבֶּעל אוּנְזֶער גְרָאסֶען הֶערְשֶׁער

**שלומית:** הֵייל דִיר גְרָאסֶער הֶערְשֶׁער א. ז. וו.

**קאהר:** בֶּעגְרִיסֶעט מִיט יוּבֶּעל אוּנְזֶער גְרָאסֶען הֶערְשֶׁער

**שלומית:** גָאט אִים הִימֶעל הַאט אֵייךְ בֵּיידֶע
מִיט גְרָאסֶעם גְלִיק צוּזַאמֶען גֶעפִיהְרְט
גְלִיקְלִיךְ אִיזְט דַאס פַאטֶערְלַאנְד
פוּן זָאלְבֶע מֶענֶער וִוירְד עֶס רֶעגִיעֶרְט
(קָאהר בִּיס)
יָא יָא יָא!

**קאהר:** הַאסְט פֶערְדִיעְנְט מִיט רֶעכְט דִיא לָארְבֶּער קְרָאהְנֶע

**שלומית:** יָא יָא יָא יָא הַאסְט פֶערְדִיעְנְט מִיט רֶעכְט דִיא לָארְבֶּער קְרָאהְנֶע

**קאהר:** בֶּעגְרִיסֶעט מִיט יוּבֶּעל אוּנְזֶער גְרָאסֶען הֶערְשֶׁער
בֶּעגְרִיסֶעט מִיט יוּבֶּעל דֶעם קֶענִיגְס רֶעכְטֶע הַאנְד

**אבנר:** הֵייל דִיר דוּא גְרָאסֶער הֶעלְד
אִיךְ בֵּייגֶע מִיךְ פָאר דֵיינֶעם טְרָאהְן
יַא מֵיינֶע פְּפְלִיכְט הַאבּ אִיךְ עֶרְפִילְט
יַא דַאס אַלֵיין אִיזְט שָׁאן מֵיין לָאהְן
יַא טְרֵייא בְּלֵייבּ אִיךְ מֵיינֶעם קֶענִיג
בִּיז אִין מֵיין לֶעטְצְטֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק
נָאר דִיר אַלֵיין גֶעהֶערְט דֶער זִיעג
יַא נָאר דֶער זִיעג.

**אבנר:**
הֵייל דִיר דוּא גְרָאסֶער הֶעלְד
אִיךְ בֵּייגֶע מִיךְ פָאר דַיין טְרָאהְן
יַא מֵיינֶע פְּפְלִיכְט
הַאבּ אִיךְ עֶרְפִילְט

**שלומית תלמי קאהר:**
מִיט גְרָאסֶעם גְלִיק
צוּזַאמֶען גֶעפִיהְרְט
אַךְ גְלִיקְלִיךְ אִיזְט דַאס פַאטֶערְלַאנְד
פוּן זָאלְבֶע מֶענֶער וִוירְד רֶעגִיעֶרְט

יַא דַאס אַלֵיין אִיזְט שָׁאן מֵיין לָאהְן
יַא טְרֵייא בְּלֵייבּ אִיךְ
מֵיינֶעם קֶענִיג
בִּיז אִין מֵיין לֶעטְצְטֶען אוּגֶענְבְּלִיק
נוּר דִיר אַלֵיין
גֶעהֶערְט דֶער זִיעג.

אַךְ גָאט אִין הִימֶעל הַאט אַיךְ בֵּיידָע
יַא מִיט גְלִיק צווַאמֶען גֶעפִיהְרְט
בֶּעגְרִיעסֶעט יֶעטְצְט מִיט יוּבֶּעל
נוּן בֶּעגְרִיעסֶעט יֶעטְצְט מִיט יוּבֶּעל
נוּן בֶּעגְרִיעסֶעט
הֵידָד.

קעניג: נוּן אוֹיף צוּם פֶעסְט
אֵיין פֵייעֶרְטַאג אִיזְט הַייטֶע
אַלֶע מֵיינֶע גֶעסְט
אֵיין פֵייעֶרְטַאג זָאל הַייטֶע זֵיין
דִיעזֶער רֶעטֶער פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד
בֶּעגְרִיעסֶעט אִיהְם דֶעם גְרָאסֶען הֶעלְד
בֶּעגְרִיעסֶעט אַלֶע אוּנְזֶער גְרָאסֶען הֶעלְדָען
דִיעזֶען רֶעטֶער פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד
נוּן אוֹיף צוּם פֶעסְט
אֵיין פֵייעֶרְטַאג זָאל הַייטֶע זֵיין.

(דער גאנצער אסאמבעל זינגט ביז צו ענדע, פייער בעלייכטונג ביז שלום אקט).

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

(ענדע דעם ערסטען אַקטעס).



## .II אַקְט

(צימער בייא אבנר, אויפטריט תלמי)

תלמי: מֵיינֶע הֵיימַאט מֵיינֶע הֵיימַאט אוּנְד מֵיין פַאטֶערְלַאנְד } (ביס)
גֶעבְּלִיעבֶּען מִיר בִּיזְט דוּא גַאנְץ אוּנְבֶּעקַאנְט }
אַךְ! אֵיינְזַאם בִּין אִיךְ אוֹיף דֶער וַוייטֶער וֶועלְט
אַיין פִינְדְלִינְג בִּין אִיךְ אוֹיף דֶעם פְרֵייעֶן פֶעלְד
פַאטֶער אוּנְד מוּטֶער הַאבֶּען מִיךְ פֶערְלַאסֶען
אַלְס קִינְד נִיע גֶעזֶעהֶען נִיע עֶרְפַאהְרֶען וֶוער אוּנְד וָוא זִיא זִינְד
מֵיינֶע הֵיימַאט מֵיינֶע הֵיימַאט אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד
גֶעבְּלִיעבֶּען מִיר בִּיזְט דוּא גַאנְץ אוּנְבֶּעקַאנְט
דָאךְ וַייט אִיךְ בִּין גֶעקָאמֶען הִיערְהֶער נֵיין נֵיין אֵיינְזַאם
פִיהְל אִיךְ מִיךְ נִיכְט מֶעהְר
דַאס הוֹיז וָואהִין אִיךְ וֶוערְפֶע נוּר אֵיין בְּלִיק
אִיזְט מִיר זָא לִיעבּ זָא לִיעבּ זָא זִיעס
דִיעזֶעס הוֹיז וָואהִין אִיךְ וֶוערְפֶע מֵיין בְּלִיק
גֶעפוּנְדֶען הַאבּ אִיךְ הִיער מֵיין גְלִיק.

(אויפטריט שלומית)

שלומית: (ערשראָקען) תַלְמִי, מֵיינֶען פַאטֶער הַאבּ אִיךְ פְרִיהֶער אִין דֵיינֶעם צִימֶער גֶעזֶעהֶען, וָוא אִיזְט עֶר יֶעטְצְט?

תלמי: עֶר הַאט קוֹים אַנְגֶעפַאנְגֶען מִיט מִיר צוּ רֶעדֶען דַא אִיזְט אֵיין בָּאטֶע נַאךְ אִיהְם גֶעקָאמֶען דַאס עֶר זָאל זָאפָארְט פָאר דֶעם קֶענִיג עֶרְשֵׁיינֶען, אַבֶּער וַוארוּם בִּיזְט דוּא דֶען זָא עֶרְשְׁרָאקֶען?

שלומית: וַוארוּם? אִיךְ וַוייס עֶס זֶעלְבֶּער נִיכְט אוּנְד דָאךְ צִיטֶערְט מֵיין הֶערְץ, דִיא לִיעבֶּע אוּנְד דַאנְקְבַּארְקֵייט דֶעם קֶענִיגְס צוּ מֵיין פַאטֶער, דִיא גְרָאסֶע עֶהְרֶע דִיא דַאס פָאלְק אִיהְם גֶעסְטֶערְן צוּגֶעטְהֵיילְט הַאט, עֶרְפִילְטֶע שָׁאן מַאנְכֶע בְּרוּסְט מִיט הַאס אוּנְד נֵייד גֶעגֶען אִיהְם, אַךְ פַאטֶער! דוּא הַאסְט פֵיינְדֶע אַבֶּער דִיא זִינְד שְׁטִיל אִין גֶעהֵיים, וִוירְסְט

דוא דען אויך זאלכע פיינדע בעזיעגען קענען? דוא וועלכער ביזט נור געוואהנט אויף איין אפענעם שלאכטפעלד געגען אפענע פיינדע צו קעמפפען?

**תלמי:** ליעגט דען געגען אבנר איינע קלאגע פאר?

**שלומית:** וויא איך האב געהערט האט דער קעניג צוזאמען גערופען דיא סנהדרין וועגען איהם.

**תלמי:** אבער דער אבנר וועלכער האט געמאכט איינע וועלט פאר זיך ציטערען, פאר וועהם דארף ער ציטערען?

**שלומית:** דוא פראגסט פאר וועהם? הערע מיר האט מאן אין מיינער קינדהייט ערצעהלט פאן איינעם גראסען העלדען וועלכער האט איינמאל איינען לינדען ווארם ערשלאגען, נאך דיעזער גראסער העלדענטהאט האט ער זיך אויף דעם גראז געלעגט אויסרוהען, דא איזט אונבעמערקט איינע קליינע העסליכע שמוטציגע שפינע געקאמען אונד מיט איהר גיפטיגען שטאך האט זיא דיעזען וועלט בעריהמטען העלדען געטעטעט... פאר וועהם פראגסט דוא מיין פאטער דארף ציטערען? פאר זא איינעם פיינד וועלכער טראגט קיינע וואפען אין דער האנד, זאנדערן גיפט אויף זיינער צונגע, זא וויא יענע שמוטציגע שפינע.

**תלמי:** האט אבנר דען זאלכע פיינדע?

**שלומית:** ליידער! אבער וואס מיך אם מייסטען שרעקט?

**תלמי:** וואס?

**שלומית:** מיינע מוטער.

**תלמי:** זיינע אייגענע פרויא?

**שלומית:** זייט איינער צייט איזט זיא גאנץ אומגעוואנדעלט, מיין פאטערס ערגסטער פיינד איזט יעמצט איהר בעסטער פריינד, זייא רעדען אין געהיים, זינען אונד האנדלען, עס איזט געוויס קיין גוטעס, אונד הייטע אם פריהמארגען איזט זיא פארטגעגאנגען גאנץ אליין, איך האב נאכגעפארשט אונד צו מיינעם שרעקען האב איך ערפאהרען דאס זיא איזט וועק אין קעניגס פאלאטץ אונד ביז יעמצט איזט זיא נאך ניכט צוריק געקאמען... דוא ז[illegible]סט מיך שטוינענד אן, ניכט

וַואהְר דַאס אֵיין זָאלְכֶעס גֶעהֵיימְנִיס הַאבּ אִיךְ דִיר אֵיינֶעם פְרֶעמְדֶען עֶנְטְדֶעקְט ?

**תלמי :** שְׁלוֹמִית בִּין אִיךְ דִיר אֵיין פְרֶעמְדֶער ?

**שלומית :** נֵיין נֵיין תַּלְמַי, דוּא וִיעהְסְט דָאךְ דַאס אִיךְ דַאס הַאבֶּע דִיר מֵיין הֶערְץ גֶעעֶפֶענְט גְרַאדֶע וִויא פָאר אֵיינֶעם בְּרוּדֶער.

**תלמי :** אוּנְד אַלְס זָאלְכֶען וִוירְסְט דוּא מִיךְ אוֹיךְ קֶענֶען דִיר אֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד דֵיינֶעם פַאטֶער אֵיין טְרֵייעֶר זָאהְן, אֵייעֶר שִׁיקְזַאל זָאל אוֹיךְ דַאס מֵיינִיגֶע זֵיין. (I. Ritt.)

**שלומית :** עֶרְשְׁט פָאר קוּרְצֶען הַאסְט דוּא גֶעגֶען אוּנְזֶער לַאנְד גֶעקֶעמְפְּפְט אַלְס אֵיין שְׁקְלַאוֶוע הַאט דִיךְ מֵיין פַאטֶער הִיערְהֶער גֶעבְּרַאכְט אוּנְד דָאךְ אִיךְ קֶען עֶס נִיכְט פֶערְבֶּערְגֶען, מִיר זַאגְט דַאס הַארְץ דַאס וִויר בֵּיידֶע זִינְד דִיא אֵיינְצִיגֶע זֶעעלֶען וֶועלְכֶע הֶענְגֶען אַן אַבְנֵר'ן טְרֵייא אוּנְד פֶעסְט, זַאגֶע תַּלְמַי וֶוען מֵיין פַאטֶער זָאל בֶּעהִיטֶע גָאט פָאן אֵיין אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען וֶוערְדֶען וִוילְסְט דוּא מִיט מִיר צוּזַאמֶען אַלֶעס פִּיר אִיהְם טְהוּן, יֶעדֶעס אוּנְגְלִיק מִיט אִיהְם טְרַאגֶען ?

**תלמי :** (קניענד מיט בעגייסטערונג) הֶערֶע מֵיינֶען הֵיילִיגֶען שְׁוָואהְר, נִיכְט נוּר דוּלְדֶען וִויל אִיךְ מִיט אַבְנֵר יֶעדֶעס אוּנְגְלִיק, אִיךְ וִויל נָאךְ מֶעהְר, אִיךְ וִויל אִיהְם רֶעכֶען, אִיךְ וִויל פִּיר אִיהְם שְׁטֶערְבֶּען. (II. Ritt. Nr. 7 Duett)

**ביידע :** פֶערְאֵיינְט בְּלֵייבֶּען וִויר
אֵיין טְרֵייעֶ שְׁוֶועסְטֶער בְּלֵייבּ אִיךְ דִיר
וִויר טְהֵיילֶען לֵייד – וִויר טְהֵיילֶען פְרֵייד
מִיט אוּנְזֶערֶעם פַאטֶער יַא אוּנְזֶער לֶעבֶּען לַאנְג (כּיס)
נוּן הָאפֶען וִויר צוּם לִיעבֶּען גָאט
יַא אוּנְזֶער שׁוּטְץ אִיזְט עֶר אִין דֶער גְרֶעסְטֶער נָאטְה.

**תלמי :** הֶערֶע גָאט מֵיינֶעם שְׁוָואהְר אִין דִיעזֶער שְׁטוּנְדֶע
הֶערֶע גָאט מֵיינֶעם שְׁוָואהְר צוּ דִיעזֶעם בּוּנְד
אֵיין טְרֵייעֶר זָאהְן מֵיין לֶעבֶּען לַאנְג
דֶעם טְרֵייעֶן הֶעלְד נָאר אִיהְם אַלֵיין
טְרֵייא בְּלֵייבּ אִיךְ אַבְנֵר מֵיין לֶעבֶּען לַאנְג
אִיךְ שְׁוֶוערֶע עֶס צוּ זֵיין.

**שלומית:** פָאן מֵיינֶען טִיעפְּסְטֶען הֶערְצֶען נֶעהְם דַאפִיר אֵיינֶען דַאנְק
דֵיינֶע טְרֵייעֶ שְׁוֶועסְטֶער בְּלֵייבּ אִיךְ מֵיין גַאנְצֶעס לֶעבֶּען לַאנְג

**ביידע:** גָאט וִוירְד שִׁיטְצֶען אוּנְזֶער לִיעבֶּען פַאטֶער (בּיס)
זֵיינֶע פֵיינְד בֶּעזִיעגֶען וִוירְד עֶר מִיט זֵיינֶע קְרַאפְט
נוּן הָאפֶען וִויר צוּם לִיעבֶּען גָאט
יַא אוּנְזֶער שׁוּטְץ אִיזְט עֶר אִין דֶער גְרֶעסְטֶער נָאטְה
וִויר אָפְּפֶערֶען דַאס לֶעבֶּען דַאס אַבְּנֵר זָאל לֶעבֶּען
טְרֵייא בְּלֵייבֶּען דֶעם רֶעטֶער פָאן אוּנְזֶער לִיעבּ פַאטֶערְלַאנְד
עֶווִיג טְרֵייא ……

(ביידע אב)



# פֶערְוַואנְדְלוּנְג

(איין רייכער זאַאַל, אויפּטריט סנהדרין, קעניג לינקס, אנטיגנוס רעכטס)

(II. Ritt. Nr. 8)

**קעניג:** הִימְלִישֶׁער רִיכְטֶער הֶעלְפֶע הֶעלְפֶע מִיר
עֶפְנֶע אוּנְז דִיא אוֹיגֶען דִיא וַואהְרְהֵייט צוּ זֶעהְן
אֱמֶת אֱמֶת יַא נוּר אֱמֶת זָאל דֶער מִשְׁפָּט זֵיין
אֱמֶת אֱמֶת נָאר זָאל אוּנְזֶער מִשְׁפָּט זֵיין. (קאָהר ביס)

**קאהר:** אָמֵן אָמֵן אָמֵן.

**קעניג:** פִיהְרְט פָאר דֶען אַנְגֶעקְלַאגְטֶען. (דיענער אַב)

(אויפּטריט אבנר פערבייגט זיך פאר קעניג אונד סנהדרין)

**קעניג:** אַבְנֵר אָפְטְמַאלְס הַאסְט דוּא מִיר דֵיינֶען וואוּנְשׁ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט דַאס וֶוען יֶעמַאנְד זָאל דִיךְ אֵיינְמַאל אִין עֶטְוַואס בֶּעשׁוּלְדִיגֶען זָאל עָס נִיכְט אִין גֶעהֵיים גֶעשֶׁעהֶען זָאנְדֶערְן אָפֶען פָאר דִיא רִיכְטֶער אוּם דִיא בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג צוּ בֶּרִיפֶען אוּנְד נַאךְ גֶעזֶעצְץ צוּ רִיכְטֶען, נִיעמַאלְס וָואלְטֶע אִיךְ גְלוֹיבֶּען דַאס זָא אֵיין טַאג וִוירְד יֶעמַאלְס קָאמֶען אַבֶּער לֵיידֶער אִיזְט דֶער טַאג דָאךְ עֶרְשִׁיעֶנֶען, אַבְנֵר אֵיינֶעם פוּרְכְטְבַּארֶען פֶערְבְּרֶעכֶענְס וִוירְסְט דוּא אַנְגֶעקְלַאגְט דַארוּם הַאבּ אִיךְ דִיא סַנְהֶדְרִין צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען דַאמִיט דוּא זָאלְסְט דִיא קְלַאגֶע הֶערֶען אוּנְד דֵיינֶע אוּנְשׁוּלְד בֶּעווייזֶען, אָדֶער... דֵיינֶע שׁוּלְד בֶּעקֶענֶען.

**אבנר:** קְלַאגֶע... שׁוּלְד... גָאט אִיזְט מֵיין צֵיינֶע דַאס דִיעזֶע פְרֶעמְדֶע וָוארְטֶע הֶערֶע אִיךְ יֶעטְצְט צוּם עֶרְסְטֶען מַאל אִין מֵיינֶעם לֶעבֶּען.

**קעניג:** אוֹיךְ מֵיינֶע בְּרוּסְט וַואר מִיט שְׁרֶעקֶען אוּנְד וֶועהְמוּט עֶרְפִילְט. גֶעסְטֶערְן נָאךְ הַאבֶּען וִויר דִיךְ יוּבֶּעלְנְד בֶּעגְרִיסְט אַלְס דֶעם פַאטֶער-לַאנְדְס רֶעטֶער, אוּנְד שָׁאן הֵייטֶע וַואגְט מַאן דִיךְ צוּ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אַלְס פֶערְרֶעטֶער.

**אבנר:** (ערשראָקען) פֶערְרֶעטֶער?

**קעניג:** בִּיסְט דוּא עֶס נִיכְט אַבְנֵר זָא וִוירְד דֵיינֶע עֶהְרֶע אוּים דֶעם פֵייעֶר

דיעֶער פְּרִיפוּנג נָאךְ דֵיינֶער אוּנְד שְׁטְרַאהְלֶענְדֶער זִיךְ עְרְהֶעבְּען אוּנְד דוּא ווִירְסְט בֵּייא מִיר אוּנְד דֶעם גַאנְצֶען לַאנְדֶע נָאךְ הֶעהֶער שְׁטֶעהֶען אַלְס יֶעטְצְט, דַארוּם מֵיין אַבְנֵר פִּירְכְטֶע נִיכְטְס.

**אבנר:** דַאנְקְבַּאר פֶערְעֶהְרֶע אִיךְ דִיא גְנַאדֶע מֵיינֶעס קֶענִיגְס, אַבְנֵר ווֶעלְכֶער הַאט נִיכְט גֶעפִּירְכְטֶעט דִיא אוּנְצֶעהְלִיגֶע טְרוּפֶּען פָּאן פֶערְשִׁידֶענֶע פֵיינְדֶע דֶער פִּירְכְטֶעט אוֹיךְ קֵיינֶע פֶערְלֵיימְדוּנְג.

**קעניג:** זָא זָאל דַאס גֶערִיכְט בֶּעגִינֶען, דֶער קְלֶעגֶער זָאל שְׁפְּרֶעכֶען.

**אנטיגנוס:** (ערהעבט זיך) אִיךְ דֶער הוֹיפְּטְמַאן אַנְטִיגְנוּס קְלַאגֶע דֶען גֶענֶערַאל אַבְנֵר אַן אִין פַאלְשְׁהַייט אוּנְד הָאכְפֶּערְרַאטְה גֶעגֶען קֶענִיג אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד, מִיט דִיא הֵיידְנִישֶׁע פֶעלְקֶער דְרוּיסֶען הַאט עֶר אֵיינֶען גֶעהֵיימֶען בּוּנְד גֶעשְׁלָאסֶען אוּם זִיךְ ווֶעלְבֶער דָארְט אֵיינֶען טְרָאהְן צוּ גְרִינְדֶען, אוּם דַאן אַן דֶער שְׁפִּיטְצֶע דֶער ווִילְדֶען הֵיידֶען אוּנְזֶער הֵיילִיג לַאנְד פְּלֶעטְצְלִיךְ צוּ אִיבֶּערְפַאלֶען אוּנְד אוּים דֶעם קֶענִיגְס הַאנְד דֶען סְטְצֶעפְּטֶער צוּ עֶנְטְרֵייסֶען.

**קעניג:** הַאסְט דוּא גֶעהֶערְט אַבְנֵר?

**אבנר:** יַא מֵיין קֶענִיג, אִיךְ הַאבּ גֶעהֶערְט דָאךְ נָאר וָוארְטֶע אֵיינֶע לֶעעֶרֶע קְלַאגֶע, הַאסְט דוּא צוּ דֵיינֶער אוּנְפֶערְשֶׁעמְטֶען פֶערְלֵיימְדוּנְג אוֹיךְ בֶּעווַייזֶע אוּיסְגֶעדַאכְט?

**אנטיגנוס:** (רייכט איינע ראללע בריעף אבנר) קֶענְסְט דוּא דִיזֶע בְּרִיעפֶע?

**אבנר:** (נימט זיא, בליקט) גֶעווִיס, עֶס זִינְד מֵיינֶע בְּרִיעפֶע ווֶעלְבֶע אִיךְ הַאבּ אַן מֵיינֶע פְרוּיא גֶעשְׁרִיעבֶען, אַבֶער ווִיא קָאמֶען דֶען דִיזֶע בְּרִיעפֶע צוּ דִיר? אוּנְד ווַאס ווִילְסְט דוּא דַאמִיט בֶּעווַייזֶען?

**אנטיגנוס:** ווֶערֶע דַאס מֶעגְלִיךְ דַאס דוּא הַאסְט שָׁאן פֶערְגֶעסֶען דֶען אִינְהַאלְט דֶער בְּרִיעפֶע? בִּיטֶע נָאכְמַאלְס דוּרְךְ צוּ לֶעזֶען ווַאס דוּא ווֶעלְבְּסְט גֶעשְׁרִיעבֶען הַאסְט אוּנְד דַאן לֵייגֶע ווֶען דוּא קַאנְסְט.

(אבנר לעזענד ציטערט אונד וואנקט) בְּלִיקְט אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט, זֶעהְט זַיין שְׁרֶעקֶען, לֶעזְט אִיהְר יֶעטְצְט נִיכְט אוֹיף זֵיינֶער שְׁטִירְנֶע דַאס בֶּעקֶענְטְנִיס זֵיינֶער שוּלְד?

**אבנר:** אִיזְט עֶס אֵיין בְּלֶענְדְווֶערְק אוֹיפְגֶעשְׁטִיגֶען אוּים דֶעם אַבְגְרוּנְד? ווַאס אִיךְ הִיעֶר עֶרְבְּלִיקֶע אוּנְד לֶעזֶע, דִיא הַאנְדְשְׁרִיפְט עֶרְקֶענֶע אִיךְ

אַלְם דִיא מֵיינִיגֶע, אַבֶּער וַואס הִיער גֶעשְׁרִיעבֶּען שְׁטֶעהְט הַאבֶּע אִיךְ נִיע גֶעוַואגְט זָאגַאר צוּ דֶענְקֶען נָאךְ פִּיעל וֶוענִיגֶער צוּ שְׁרֵייבֶּען, גֶעעֶהְרְטֶע רִיכְטֶער, אִיהְר אַלֶע וִויסֶעט דַאס דִיעזֶער אוּנְמֶענְשׁ מִיךְ שָׁאן זֵייט יַאהְרֶען בֶּענֵיידֶעט אוּנְד זוּכְט אִימֶער מִיךְ צוּ פַאנְגֶען אִין אֵיין נֶעטְץ פָאן פֶערְלֵיימְדוּנְג, קַאן נָאךְ יֶעמַאנְד צְוֵויפְלֶען דַאס דִיעזֶע בְּרִיעפֶע זִינְד דוּרְךְ אֵיינֶען פֶערְבְּרֶעכֶערִישֶׁען פְּלַאן אִין זֵיינֶע הֶענְדֶע גֶעקָאמֶען אוּנְד עֶר הַאט זִיא פֶערְפֶעלְשְׁט ?

**אנטיגנוס :** פֶערְפֶעלְשְׁט ! (ווינקט צום פאזע הערֿאב) בַּאלְד עֶרְשֵׁיינְט נָאךְ אֵיין קְלֶעגֶער גֶעגֶען דִיךְ, זָא אֵיין קְלֶעגֶער וֶועלְכֶען נִיכְט דֶער קֶענִיג, נִיכְט דִיא סַנְהֶדְרִין, נִיכְט דוּא זֶעלְבְּסְט ווִירְד פֶערְוֶוערְפֶען קֶענֶען.

(אויפֿטריט איזבל)

**אבנר :** מֵיינֶע פְּרוֹיא !

**אנטיגנוס :** זִיעהֶע, הֶערֶע, אוּנְד פֶערְשְׁטוּמֶע.

**קעניג :** אִיזֶבֶל דוּא הִיער, וַואס אִיזְט דֵיין פֶערְלַאנְגֶען ?

**איזבל :** אִיךְ עֶרְשֵׁיינֶע פָאר דֶעם טְרָאהְן מֵיינֶעס קֶענִיגְס אָהְנֶע פוּרְכְט פָאר מֶענְשֶׁען אוּרְטְהֵייל, אוּם צוּ פֶערְקִינְדֶען דִיא וַואהְרְהֵייט.

**אבנר :** דִיא וַואהְרְהֵייט ? דַאנְק פִּיר דִיעזֶעס וָוארְט גֶעלִיעבְּטֶע פְּרוֹיא, וַואהְרְהֵייט נוּר זָאל אוֹיס דֵיינֶעם מוּנְדֶע קָאמֶען, אוּנְד דִיא ווִירְד פִּיר מִיךְ צֵייגֶען, זִיעהֶע אִיזֶבֶל יֶענֶער דָארְט ווִיא דוּא וֵוייסְט אִיזְט שָׁאן זֵייט לַאנְגֶע מֵיין בִּיטֶערְסְטֶער פֵיינְד אוּנְד הַאט דִיעזֶע בְּרִיעפֶע פָארְגֶעצֵייגְט, אַבֶּער נִיכְט פִּינְדֶען ווִירְסְט דוּא דַארִין דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בָּאטֶען פָאן מֵיינֶער לִיעבֶּע צוּ דִיר, דִיעזֶע בְּרִיעפֶע שְׁפְּרֶעכֶען פָאן פֶערְרַאטְה אוּנְד בֶּעטְרָאג גֶעגֶען קֶענִיג אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד, נוּן זַאגֶע עֶס פָאר דֶעם קֶענִיג אוּנְד דִיא סַנְהֶדְרִין הַאבֶּע אִיךְ דִיעזֶע בְּרִיעפֶע זָא ווִיא זִיא זִינְד אַן דִיךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען ?

**איזבל :** (מיט וויטהענדע בליקען) יַא ! (אַלע ערשראָקען) אוּנְפֶערְפֶעלְשְׁט זִינְד דִיעזֶע בְּרִיעפֶע, זָא ווִיא זִיא יֶעטְצְט לִיטֶען זָא הַאסְט דוּא זִיא מִיר גֶעשִׁיקְט.

**אנטיגנוס :** הֶערְט אִיהְר דַאס גֶעעֶהְרְטֶע רִיכְטֶער ?

**אבנר :** וֵוייבּ ! עֶנְטְוֵוייהֶע נִיכְט דֵיינֶע צוּנְגֶע מִיט זָא אֵיינֶעם פִירְכְטֶערְלִיכֶען בֶּעטְרָאג, יֶעדֶער פֶעדֶערְצוּג אִין דִיעזֶעם בְּרִיעפֶע אַטְהְמֶעט ווִילְדֶען

עֶהְרְגֵייץ, גְרוֹיזַאמֶען אוּנְדַאנְק, הָאכְפֶּערְרַאטְה, עֶמְפְּפֶּעהְרוּנְג! הַאט יֶעמַאלְס מֵיין צִינְגֶע זָא וַאס אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאכֶען? קֶענְטֶע יֶעמַאלְס מֵיינֶע הַאנְד זָא וַאס נִיעדֶערְשְׁרֵייבֶּען? זַאג אִיזֶבֶל, אִיךְ בֶּעשְׁוֶועהְרֶע דִיךְ בַּייא דֶער טְרֵייעֶ וֶועלְכֶע דוּא הַאסְט מִיר אֵיינְסְט פַאר גָאט גֶעשְׁוָאהְרֶען! רֶעדֶע וַאהְרְהֵייט.

**איזבל:** וַאס אִיךְ הַאבֶּע גֶעזַאגְט וִויעדֶערְרוּפֶע אִיךְ נִיכְט! הָאכְפֶּערְרַאטְה, עֶמְפֶּעהְרוּנְג, אוּנְדַאנְק הַאבֶּע אִיךְ אוֹיס דֵיינֶע בְּרִיעפֶע גֶעלֶעזֶען!

**אבנר:** נֵיין נִיכְט מֶעגְלִיךְ, טִיעפֶעס דוּנְקֶעל הֶעלְט מֵיינֶע זִינֶע גֶעפַאנְגֶען, בִּיזְט דוּא עֶס אִיזֶבֶל וֶועלְכֶע אִיךְ הֶערֶע וֶועלְכֶע אִיךְ זֶעהֶע? אָדֶער בִּיזְט דוּא אֵיין טֵייפֶעל אוֹיס דֶער אוּנְטֶערְוֶועלְט וֶועלְכֶער הַאט נוּר אַנְגֶענָאמֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט מֵיינֶער פְרוֹיא... וֵוייבּ! נִיכְט בְּלָאס מֵיין טָאדְטֶעס אוּרְטְהֵייל הֶענְגְט אַבּ פָאן דֵיינֶער צוּנְגֶע, אוֹיךְ דוּא שְׁטֶעהְסְט יֶעטְצְט אַן דֶעם שֵׁיידֶע וֶועג צְוִוישֶׁען הֶעלֶע אוּנְד הִימֶעל! אִין דִיעזֶער מִינוּטֶע קַאנְסְט דוּא דִיר דוּרְךְ אֵיין אֵיינְצִיגֶעס וָוארְט עֶרְקוֹיפֶען רֶעטוּנְג אָדֶער עֶווִיגֶע פֶערְדַאמְנִיס, דַארוּם אִיזֶבֶל בַּייא דֵיינֶער זֶעלֶע! רֶעדֶע וַאהְרְהֵייט!

**איזבל:** וַאהְרְהֵייט הַאסְט דוּא גֶעהֶערְט, אִין דֶעם פֶּערְבְּרֶעכֶען אִין וֶועלְכֶעם דוּא בִּיזְט אַנְגֶעקְלַאגְט, אִין דֶעם בִּיזְט דוּא אוֹיךְ שׁוּלְדִיג.

**אבנר:** עֶרְדֶע שְׁלִינְג מִיךְ הֶערוּנְטֶער, לֶעזְט אֵייךְ אוֹיף אִין שְׁטוֹיבּ אִיהְר פֶּעסְטֶע זֵיילֶען אוּנְד פֶּערְוֶועהֶעט אִין וִוילְדֶען שְׁטוּרְם, דֶען וַאס נָאךְ אִיזְט פֶּעסְט, וַאס נָאךְ אִיזְט זִיכֶער וֶוען אֵיינֶע פְרוֹיא פֶּערְוַואנְדֶעלְט נָאךְ 21 יַאהְרֶע אִיהְרֶע טְרֵייעֶ אִין פַאלְשְׁהֵייט, וַאהְרְהֵייט אִין לִיעגֶע אוּנְד לִיעבֶּע אִין הַאס? טְרֶעטֶע הֶערוֹיס אוֹיס דֵיינֶע פוּגֶען נַאטוּר! דֶען אוּנְנַאטִירְלִיךְ הַאט דִיעזֶעס וֵוייבּ צֶערְשְׁטֶערְט דִיא עֶהְרֶע אוּנְד דַאס לֶעבֶּען פָאן אִיהְר אֵייגֶענֶען מַאן, פֶערְנִיכְטֶעט דַאס גְלִיק פָאן אִיהְר אֵייגֶען הוֹיז! (וויינט) גְרוֹיזַאמֶעס וֵוייבּ, שְׁלַאנְגֶע, וַאס הַאט דִיר דֵיין מַאן גֶעטְהַאן, וַאס הַאט דִיךְ צוּ דִיעזֶע אוּנְעֶרְהֶערְטֶע לִיעגֶע גֶעטְרִיעבֶּען? אַנְטְוָוארְטֶע, וַארוּם שְׁוֵויגְסְט דוּא?

**איזבל:** (אפארט) בְּלוּטִיגֶע שַׁאטֶען מֵיינֶעס קִינְדֶעס שְׁטֶערְקֶע מֵיינֶען מוּטְה!

**קעניג:** אִיזֶבֶל אִיךְ זֶעה דִיךְ צִיטֶערְן, בַּייא דֶעם עֶווִיגֶען גָאט רֶעדֶע נוּר

וואָהרהייט, האט זיך דיין מאן מיט עטוואס געגען דיר פערזינדיגט?
איזט דיין ציינגים געגען איהם ניכט איין ראבע פּלאן?

**איזבל:** ניכטס האט מיר מיין מאן געטהאן דאס איך העטע אורזאכע איהם צו צירנען. (I. Ritt.)

**קעניג:** אונד דיעזע בריעפע וויא זא קאמען זיא אין פרעמדער האנד?

**איזבל:** וויל איך אליין האטע אנפאנגם ניכט דען מוטה געהאט אלס קעניגערין געגען איינענע מאן אויף צו טרעטען.

**קעניג:** איזבל! צום לעצטען מאל פראג איך דיך האסט דוא וואהרהייט געשפּראכען?

**איזבל:** וואהרהייט!

**קעניג:** ביי גאט! (II. Ritt. Melodrama)

**איזבל:** ביי.... גאט....

**קעניג:** פיהרט זיא וועק. (וואנקט זיא ווירד אבגעפיהרט)

**אבנר:** (געפאסט) קעניג, ריכטער! שפּריכט אוים דאס אורטהייל: פערדאמט מיך אויף דאס צייגנים מיינער איגענען פרויא, וועלכע האט איין בונד געשלאסען מיט דיעזעם שורקען, דא גיבט מיר דען טאדט אב איהר פערשטעהט איך פערדיענע איהם, איך פערבלייבע דער וואס איך בין אימער געוועזן ביז צום לעטצטען אוּנגענבליק. (אב)

**קעניג:** נון סנהדרין איהר האבט געהערט אונד געזעהען, פּריפעט אלעס גאנץ גענויא אונד בעפאר איהר אייער אורטהייל עפּענטליך פער־קינדעט שיקט עם מיר, וואס מיר אלס הערשער צו טהון געביהרט דאס ווירד גאט מיר איינם הערץ לעגען. (אלע אב אויסער קעניג)

גראסער גאט! געבע דען סנהדרין איינע ריינע געדאנקען דאס זיא אורטהיילען זאלען נאך רעכט!

(אויפטריט פאזשע מיט איין פאפיער)

**פאזשע:** מיין הערר אונד קעניג!

**קעניג:** ברינגסט דוא דאס אורטהייל?

**פאזשע:** יא מיין קעניג.

**קעניג:** זיין אינהאלט?

**פאזשע:** טאדט!

קעניג: טָאדְט? (ש' בצענד) טָאדְט!

פאזשע: עֶרְפִילְט הַאבֶּען דִיא סַנְהֶדְרִין אִיהר הֵיילִיגֶעס אַמְט אוּנְד לֶעגֶען יֶעטְצְט דִיעֶזעס אוּרְטְהֵייל אִין דֵיינֶע הֶענְדֶע קֶעניג צוּר פָאלְצִיהוּנג.

(גיבט עס איהב, לע״ס, טראָמפּעטען שאלל).

קעניג: וַואס בֶּעדֵייטֶעט דִיעֶזער לֶערְם דְרוֹיסֶען?

(אויפטריט אנטיגנוס)

אנטיגנוס: אָה מֵיין הֶערְר אוּנְד קֶעניג, דִיא נַאכְרִיכְט דַאס אַבְנֵר אִיזְט צוּם טָאדְט פֶערְאוּרְטְהֵיילְט הַאט זִיךְ וִויא אֵיין שְׁטוּרְם אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע שְׁטַאדְט פֶערְבְּרֵייטֶעט, אִין הוֹיפֶען הַאט זִיךְ דִיא אַרְמֶעע צוּזַאמֶען מִיט דֶעם פָאלְק פֶערְזַאמֶעלְט פָאר דֵיינֶעם פַּאלַאסְט אוּנְד פֶערלַאנְגֶען צוּרִיק דֶען גֶענֶערַאל אַבְנֵר.

קעניג: וַואס אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד?

אנטיגנוס: יַא מֵיין קֶעניג אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד פָאן אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע סָאלְדַאטֶען פָאן דִיא יֶענִיגֶע נַאטִירְלִיךְ וֶועלְכֶע זִינְד מִיט אַבְנֵר'ן אֵיינְפֶערְשְׁטַאנְדֶען אִין זֵיינֶע פְּלֶענֶע, דִיא וָואלֶען שָׁאן יֶעטְצְט פָאלְצִיהֶען דַאס וַואס אַבְנֵר הַאט גֶעגֶען דִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען, נֶעמְלִיךְ דִיר דֶען קֶענִיגְלִיכֶען טְרָאהְן צוּ עֶנְטְרֵייסֶען אוּנְד זִיךְ זֶעלְבְּסְט דַארוֹיף צוּ זֶעטְצֶען, אַבֶּער פִּירְכְטֶע נִיכְט מֵיין עֶרְהַאבֶּענֶער קֶעניג! פִּירְכְטֶע נִיכְט נָאךְ הַאסְט דוּא מִיךְ פִיר אֵיינֶע שְׁטִיטְצֶע מִיךְ דִיא אֵיינְצִיגֶע טְרֵייעֶ זֶעלֶע.

קעניג: אוּנְד וַואס אִיזְט יֶעטְצְט דֵיין רַאטְה, מֵיין אֵיינְצִיגֶע טְרֵייעֶ זֶעלֶע?

אנטיגנוס: אוּם דֶען אוֹיפְשְׁטַאנְד שְׁנֶעל צוּ אוּנְטֶערְדְרִיקֶען גִיעבְּט עֶס נוּר אֵיין מִיטֶעל, אִין דֵיינֶע הֶענְדֶע רוּהֶעט יֶעטְצְט דַאס טָאדֶעס אוּרְטְהֵייל לַאס עֶס אִין דִיעֶזֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק שָׁאן פָאלְצִיהֶען, דִיא רֶעבֶּעלֶען דַא אוּנְטֶען שְׁרֵייעֶן גִיעבּ אוּנְז צוּרִיק אוּנְזֶער אַבְנֵר, גוּט, גִיעבּ זֵייא צוּרִיק אַבְנֵר'ן, אַבֶּער נִיכְט דֶען גַאנְצֶען אַבְנֵר'ן נָאר זֵיינֶען קָאפְּף.

קעניג: (צום פאזשע) שְׁנֶעל גֶעה הִינָאוֹיס צוּ דֶער עֶמְפֶּעהְרְטֶען מֶענְגֶע דִיא רֶעדֶעלְסְפִיהְרֶער פָאן דִיא רֶעבֶּעלֶען זָאלֶען זָא פָארְט פָאר מִיר עֶרְשֵׁיינֶען, דֶער קֶעניג וִוינְשְׁט מִיט אִיהְנֶען צוּ שְׁפְּרֶעכֶען. (פאזשע אב)

אנטיגנוס: אַבֶּער מֵיין עֶרְהַאבֶּענֶער קֶעניג, אַבְנֵר'ס אַנְהֶענְגֶער אִין דֵיין פַּאלַאסְט? דֵיין טְהֵייעֶר לֶעבֶּען אִין זָאלְכֶער גֶעפַאהְר?

קעניג: בְּלוּטִיגֶער רַאטְהְגֶעבֶּער, שְׁוֵויינֶע!!! דֵיין קְלֶעגֶער בִּיזְט דוּא גֶעוֶועזֶען

צום טָאדְט אִיזְט עֶר יֶעטְצְט פֶערְאוּרְטְהֵיילְט. וַואס נָאךְ ווִילְסְט דוּא ?
וַוארוּם צִיטֶערְסְט דוּא זָא וֶוען אַבְנֵר נָאךְ אֵיינֶען טַאג לֶעבְּט ?

אַנטיגנוס : מֵיין עֶרְהַאבֶּענֶער קֶענִיג. אִיךְ צִיטֶערֶע נוּר פִיר דֵיין לֶעבֶּען ! פִיר דֵיין טְהֵייעֶר לֶעבֶּען !

קֶעניג : צִיטֶערֶע נִיכְט מֵיינֶע אֵיינְצִיגֶע טְרֵייעֶ זֶעעלֶע, צִיטֶערֶע נִיכְט. גֶענוּג. וַואס אִיךְ צוּ טְהוּן הַאבֶּע ווֵיים אִיךְ זֶעלְבְּסְט. אִיךְ בְּרוֹיךְ דֵיינֶען רַאטְה נִיכְט.

(אויפּטריט פּאָלק, סאלדאטען מיט פּיקעס זעבעל, פּרץ)

קֶעניג : זַייט אִיהְר דִיא רֶעדֶעלְסְפִיהְרֶער פָאן דֶער עֶמְפֶּעהְרְטֶען מֶענְגֶע ? זַאגְט וַואס ווִילְט אִיהְר ?

פּרץ : מִיר ווִילֶען שִׁיטְצֶען דֶעם מַאן וֶועלְכֶער אִיז בִּיז יֶעטְצְט אוֹיךְ דֵיין שׁוּטְץ גֶעוֶועזֶען, אַבְנֵר גִיבּ אוּנְז צוּרִיק אוּנְזֶער אַבְנֵר. (אַלע שרייען קלאפּען אבנר)

קֶעניג : זֶעהְט ! הִיער אִיזְט זֵיין אוּרְטְהֵייל, עֶס אִיזְט זֵיין טָאדֶעס אוּרְטְהֵייל אוּנְד דַאס זֶעלְבֶּע אוּרְטְהֵייל ווִירְד אוֹיךְ טְרֶעפֶּען יֶעדֶען פָאן מֵיינֶע אוּנְטֶערְטְהַאנֶען וֶועלְכֶער ווִירְד זֵיינֶע פְּפְלִיכְט פֶערְגֶעסֶען.

פּרץ : אַבֶּער אַבְנֵר הָאט זֵיינֶע פְּפְלִיכְט פֶערְגֶעסֶען ? נָאךְ מֶעהְר ווִיא זֵיינֶע פְּפְלִיכְט וַואר הָאט עֶר גֶעטְהוּן, אַ וֶועלְט אַ גַאנְצֶע וֶועלְט הָאט עֶר בֶּעוִיעזְט אוּנְד ווִיא דִיר צוּ דֵיינֶע פִיס גֶעלֶעגְט, אוּנְד זָא אֵיין מַאן זָאל פַאלֶען פָאן דֶעם הֶענְקֶערְס הַאנְד ? אַזוֹי בֶּעלָאהְנְסְט דוּא דֵיינֶע הֶעלְדֶען ?

קֶעניג : דַאס אִיזְט דֶער לָאהְן פִיר זֵיין שְׁוֶוערֶעס פֶערְבְּרֶעכֶען, עֶר אִיזְט אֵיין פֶערְרֶעטְהֶער.

פּרץ : אַבְנֵר אֵיין פֶערְרֶעטְהֶער ? (אויף אנטיגנוס) אִיז עֶר דֶער פֵיינֶער מֶענְשׁ ? קֶענִיג, קֶענִיג ! נֶעם אוּנְז אַלֶע דֵיינֶע סָאלְדַאטֶען וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט אִיהְם צוּזַאמֶען אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁלַאכְטֶען גֶעוֶועזֶען, לָאז אוּנְז אַלֶע מַארְטֶערְן, רֵיים פָאן אוּנְז דִיא גְלִיעדֶער אֵיינְצִיגְוַוייז, אוּנ זֶעה אוֹיבּ עֶס וֶועט זִיךְ גֶעפִינֶען אֵיין אֵיינְצִיגֶער פָאן אוּנְז וֶועלְכֶער זָאל דֶעם עֶהְרְלִיכֶען אוּנְד גוּטֶען אַבְנֵר בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אַלְס אֵיין פֶערְרֶעטְהֶער.

קֶעניג : סָאלְדַאטֶען ! בִּירְגֶער ! אַנְטְוָוארְטֶעט, קֶענְט אִיהְר מִיךְ אֵייעֶר קֶענִיג אַלְס אֵיין טִירַאן ?

פּרץ : נֵיין !

אלע : נֵיין נֵיין !

קעניג: האט יֶעמאנד פָאן אייך איין פֶערְדַאכְט אויף איינֶען פָאן אוּנְזֶערֶע סַנְהֶדְרִין דַאס עֶר האט פִיר גֶעלְד פֶערְקויפְט גֶעווִיסֶען וַואהְרְהייט אוּנְד רֶעכְט?

פרץ: ניין!

אלע: ניין ניין!

קעניג: אוּנְד דיעזֶע גֶערֶעכְטֶע מֶענֶער האבֶּען אויך גְלייך גֶעלִיעבְּט מִיט מִיר אַבְנֵר'ן וִויא דאס אייגֶענֶע לֶעבֶּען, דָאך גֶעזֶעטְץ בְּלֵייבְּט גֶעזֶעטְץ, זיינֶע שוּלְד אִיזְט בֶּעוִויעזֶען אוּנְד מַאן מוּסְטֶע אִיהְם צוּם טָאדְטֶע פֶערְאוּרְטְהֵיילֶען, אִיהְר אַבֶּער גְלויבְּט אִיהְר דֶען מִיךְ דַאמִיט צוּ שְׁרֶעקֶען דַאס אִיהְר הַאט מֵיינֶען פַּאלַאסְט בֶּעלַאגֶערְט אִין ווִילְדֶען אויפְרוּהְר? זֶעהְט אִיךְ הַאבֶּע אֵייךְ צוּ מִיר רוּפֶען לַאסֶען, אִיהְר זֵייט אַלֶע בֶּעוואפְנֶעט, אִיךְ אַבֶּער בִּין אָהְנֶע וַואפֶען, אִיהְר קֶענְט מִיךְ טֶעטֶען, דָאךְ אִיךְ וֵוייכֶע נִיכְט פָאן דִיעזֶער שְׁטֶעלֶע, נוּן עֶנְטְשֵׁיידֶעט אִיהְר זֶעלְבְּסְט, וָואלְט אִיהְר אוּנְזֶערֶע גֶעזֶעטְצֶע מִיט פִיסֶען טְרֶעטֶען? וָואלְט אִיהְר אֵייעֶר קֶענִיג טֶעטֶען?

פרץ: ניין!

אלע: ניין ניין! (גרויסער געמורמעל)

פרץ: שְׁווייגְט! (אַלעס בלייבט שטיל) מֵיין קֶענִיג, דוּא בִּיזְט גוּט זָאל אִיךְ הָאבֶּען אַזַא מַזָל, דִיא סַנְהֶדְרִין זֶענֶען גֶערֶעכְט, זָאל אִיךְ הָאבֶּען אַזַא יָאהְר! אָבֶּער אויךְ אַבְנֵר אִיז גוּט אוּנ פְרוּם אַזוֹי זָאלֶען מִיר זַיין מֵיינֶע קִינְדֶער וָואס אִיךְ וֶועל הָאבֶּען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה מִיט מִילְכָּה, דִיא סַנְהֶדְרִין זֶענֶען דָאךְ נִישְׁט מֶעהְר וִויא מֶענְשֶׁען אוּנ קֶענֶען זִיךְ אויךְ אַמָאל טוֹעֶה זַיין, דָאךְ אִיז עֶר שוֹין פֶערְאוּרְטְהֵיילְט, דָערְפַאר אָבֶּער בִּיזְט דוּא דָאךְ אֵיין גוּטֶער הֶערְשֶׁער, אֵיין בַּארְמְהֶערְצִיגֶער פָאטֶער פִיר דִיא קִינְדֶער פוּן דַיין לַאנְד, דָאס וָואס מִיר הָאבֶּען עֶרְשְׁט גֶעפָּאדֶערְט מִיט מַאכְט דָאס וַואגֶען מִיר יֶעטְצְט צוּ בֶּעטֶען מִיט גֶעווֵיין. (צו אַלע) וַוארְפְט אַלֶע אַוֶועק אֵייעֶרֶע וַואפֶען, (עס געשיעהט) קְנִיעט אַלֶע נִיעדֶער פַאר אוּנְזֶער לִיעבֶּען קֶענִיג, (עס געשיעהט) גְנַאדֶע גוּטֶער הֶערְשֶׁער!

אלע: גְנַאדֶע גוּטֶער הֶערְשֶׁער, גְנַאדֶע פִיר אַבְנֵר!

קעניג: וַואס זֶעה אִיךְ? הַאבֶּען מֵיינֶע גוּטֶע וָוארְטֶע אֵייךְ ווִיעדֶער צוּר פְּפְלִיכְט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט? שְׁטֶעהְט אויף! (עס געשיעהט) הֶערְט וַואס

אײַער קֶעניג אוֹיף אײַער בִּיטֶע אַנְטְוָוארְטֶעט! טְרָאצִינֶער אִיבֶּערְמוּטְה אוּנְד דְרָאהוּנְג הֶעטֶע נוּר גֶעפִּיהְרְט צוּם בְּלוּט פֶּערְגִיעסֶען אוּנְד אַבְנֵר׳ס לֶעבֶּען וֶוערֶע דַאמִיט נִיכְט גֶערֶעטֶעט, וֶוען אִיהְר אַבֶּער מִיךְ בִּיטֶעט יַא אײַער בִּיטֶע וִויל אִיךְ גֶערְנֶע עֶרְפִילֶען, (אַלע האֶך) דָאךְ נוּר זַיינֶע שְׁטְרַאפֶע קַאן אִיךְ פֶערְנִיכְטֶען, אַבֶער נִיכְט זַיינֶע שוּלְד! דַארוּם אַנְשְׁטַאט צוּ שְׁטֶערְבֶּען זַייא עֶר פָאן דֶעם לַאנְדֶע פֶערְבַּאנְט פִיר זַיין לֶעבֶּען לַאנְג, דוּא אַנְטִיגְנוּס זַיין קְלֶענֶער דוּא בְּרִינְג אִיהְם דִיעזֶע נַאכְרִיכְט אִין זַיין גֶעפֶענְגְנִיס.

אנטיגנוס: אִיךְ? אָה קֶעניג!

קֶעניג: דוּא זָאלְסְט אִיהְם פָאן זַיין קֶערְקֶער בֶּעפְרֵייעֶן אוּנְד עֶר גֶעהֶע וָואהִין עֶר וִויל, זָארְגֶע נוּר דַאפִיר דַאס עֶר מִיךְ נִיעמֶעהְר זֶעהְן קַאן.

אנטיגנוס: מֵיין עֶרְהַאבֶּענֶער קֶעניג! בֶּעדֶענְקֶע אֵיינֶעם זָאלְבֶען פֶערְרֶעטֶער וִויא אַבְנֵר שֶׁענְקְסְט דוּא דַאס לֶעבֶּען? אוֹיךְ אִין. דֶער פְרֶעמְד ווִירְד עֶר נִיכְט רוּהֶען בִּיז...

קֶעניג: גֶענוּג! קֵיין וָוארְט וַוייטֶער! צֶערְרֵייסְט! (צעררייסט דאס אורטהייל) הִיער צֶערְרִיסֶען אִיזְט דַאס טָאדְטֶעס אוּרְטְהַייל, אַבְנֵר לֶעבְּט אוּנְד אִיזְט פְרֵייא!

אלע: יחי הַמֶלֶךְ! הֵידָד! (מען העבט אויף דעם קעניג מיט בעגייסטערונג אונד געשרייען, איניגע ווערפען זיך אויף אנטיגנוס).

(פ אָ ר ה א נ ג).

(ענדע דעם צווייטען אַקטעס).



## אַקְט III.

(פֿאר אבנר׳ס הויז איינע שטראסע, אויפֿטריט חנוך מיט איין צימבעל)

(II. Ritt Nr. 10)

**חנוך :** דִינְג דַאנְג דִינְגֶע דִינְגֶע מֵיין הֶערְץ אִיז בֶּעטְרִיעבְּט
דִינְג דַאנְג דִינְגֶע אוֹי אִיךְ בִּין פֶּערְלִיעבְּט
אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אִיךְ צֶערְפַאל אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ
מֵיין לֶעבֶּען הָאט בַּייא מִיר קֵיין וֶוערְטְה
אוֹי אוֹי אוֹי אִיךְ בִּין מִיט דֶעם קָאפְּף אִין דֶער עֶרְד
שְׁלוֹמִיתְ׳ל... שְׁלוֹמִיתְ׳ל...
קוּם צוּ מִיר אַרוֹיס, חַאפּ מִיךְ גִיכֶער אוֹיס אוֹי
וֶועסְט דוּא גְלִיקְלִיךְ זַיין, וֶוען אִיךְ וֶועל זַיין דַיין מַאן אוֹי
שְׁלוֹמִיתְ׳ל... שְׁלוֹמִיתְ׳ל...
פֶּערְלִיעבְּט אִיז אִין דִיר חֶנוֹךְ וּשְׁלוֹמִיתְ׳ל]
נוּא אַדְרַבָּה וָואס זְשֶׁע ווִילְסְט נָאךְ
דִיךְ וֶועלֶען אַלֶע, מְקַנֵא זַיין מִיט מִיר
אוּנ אִיךְ וֶועל אָהְן אַ שַׁאֲלָה, מִיךְ מְהַנֶה זַיין מִיט דִיר
אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלִיךְ, אַלֶע יָאהְר אַ פָּאר
זָארְגֶען וֶועל אִיךְ שׁוֹין דַאפִיר
הוֹיךְ אוּנ דִיק, שֶׁעהְן אוּנ קְלוּג, וֶועלֶען אַלֶע זַיין
אַלֶע גֶערָאטֶען אִין מִיר וּשְׁטִינֶערוּרַא טַאוַוארַא!
צִימְבַּאלֶע דְוְשִׁים וּדְוְשִׁים! צִימְבַּאלֶע בִּים בִּים בָּאם
שְׁפִּיעל צִימְבַּאלֶע שְׁפִּיעל אוֹי... צִימְבַּאלֶע בִּים בָּאם
לְכָבוֹד... שְׁלוֹמִיתְ׳ל...

(אויפֿטריט אנטיגנוס)

**אנטיגנוס :** חֶנוֹךְ ? שָׁאן ווִיעדֶער הִיער ? וַואס ווִילְסְט דוּא ?

**חנוך :** אַלְץ דָאס אֵייגֶענֶע אוּנְד ווִיעדֶער דָאס אֵייגֶענֶע, אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִי
אִיךְ בִּין פֶּערְלִיעבְּט.

אנטיגנוס: חַ חַ חַ חַ! מִיט אֵיין צִימְבָּעל? גֶעוִויס אֵיין לִיעבֶּעס לִיעד פָּארְגֶעטְרַאגֶען.

חנוך: אִיךְ וֵויים? אַז זִיא וִויל זִיךְ נִישְׁט פֶּערְלִיעבֶּען אִין מַיין פְּנִים אֶפְשַׁר וֶועט זִיא זִיךְ פֶּערְלִיעבֶּען אִין מַיין צִימְבָּעל.

אנטיגנוס: נוּן יֶעטְצְט נַאכְדֶעם דַאס דוּא בִּיזְט פֶּערְטִיג, קַאנְסְט דוּא גֶעהְן.

חנוך: אַז אִיךְ קֶען גֶעהְן דָאס וֵויים אִיךְ, אָבֶּער אִיךְ וִויל נִישְׁט.

אנטיגנוס: וַואס דוּא ווִילְסְט נִיכְט? וַואס אֵייגֶענְטְלִיךְ טְהוּסְט דוּא דֶען הִיער?

חנוך: וָואס אִיךְ טְהוּ? וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אִיךְ בְּרֶען.

אנטיגנוס: וַואס?

חנוך: אִיךְ סַארְפֶּע.

אנטיגנוס: וַואס?

חנוך: אִיךְ שְׁטֶעה אוֹיף גְּעגְלִיטֶע קוֹילֶען, אֶט אֶט וֶוער אִיךְ צֶעשְׁמָאלְצֶען, (אנטיגנוס לאכט) דוּא לַאכְסְט?.. אַ וַודַאי דוּא קֶענְסְט לַאכֶען וָואס דֶען? וָואס פֶּערְשְׁטֶעהְסְט דוּא פָּאן לִיעבֶּע? נִישְׁט דוּא הָאסְט לִיעב קֵיינֶעם נִישְׁט קֵיינֶער הָאט דִיךְ לִיעב.

אנטיגנוס: ווִילְסְט דוּא עֶנְדְלִיךְ גֶעהְן?

חנוך: וָואס בֵּייזֶערְסְט דוּא דִיךְ? דוּא הָאסְט נָאךְ רֶעכְט?

אנטיגנוס: ווִילְסְט דוּא גֶעהְן פְּרֶעג אִיךְ דִיךְ?

חנוך: יָא אִיךְ גֶעה, אָבֶּער וֵוייסְט דוּא וָואהִין? גְלַייךְ צוּם קֶענִיג, אוּנ אִיהְם דֶערְצֶעהְלֶען דִיא גַאנְצֶע חֲתוּנָה מִיט דִיא בְּרִיעף.

אנטיגנוס: וַואס הַאסְט דוּא גֶעזַאגְט? (פאקט איהם)

חנוך: בֵּייזֶער דִיךְ נִיט וָוארֶען דוּא וֶועסְט נָאךְ עֶרְגֶער מַאכֶען.

אנטיגנוס: (אפארט) נֵיין גוּט מוּטְהִיג וֶוערְדֶע אִיךְ אוֹיף אִיהְם מֶעהְר ווִירְקֶען, חֲנוֹךְ שָׁאן אֵיינִיגֶע מַאל הַאסְט דוּא מִיר גֶעדְרָאהֶעט מִיט דִיא בְּרִיעפֶע, אַבֶּער בֶּעדֶענְקֶע וֶועלְבְּסְט ווִיא דוּם דוּא בִּיזְט מַאן הֶעטֶע אַבְנֵר׳ן גֶעוִויס נִיכְט פֶּערְאוּרְטְהֵיילְט, הֶעטֶע זֵיינֶע אֵייגֶענֶע פְרוֹיא נִיכְט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דַאס זִיא הַאט פָּאן אִיהְם דִיא בְּרִיעפֶע עֶרְהַאלְטֶען זָא ווִיא זִיא זִינְד, אַלְזָא זִיא הַאט דִיעזֶע בְּרִיעפֶע עֶרְקְלֶערְט פִיר עֶכְט אוּנְד אוּנְפֶערְפֶעלְשְׁט, נוּן דֶענְקְסְט דוּא דֶען דַאס מֶען ווִירְד דִיר מֶעהְר גְלוֹיבֶּען שְׁעֶנְקֶען אַלְס אַבְנֵר׳ס פְרוֹיא?

חנוך: (אפארט) ער הָאט רֶעכְט, אוּי איז דָאס אַ הוּנְד מִיט צַיין.

אנטיגנוס: נוּן זיעהְסְט דוּא שָׁאן וַואס פִיר אַיין עֶזֶעל דוּא בִּיזְט?

חנוך: אֱמֶת אִיךְ בִּין דָאס דֶער דוּמֶער עֶזֶעל אוּנ דוּא בִּיזְט דָאס דֶע
בְּלוּטִיגֶער הוּנְד... נֵיין נֵיין עֶס רֶעדְט זִיךְ נוּר אַזוֹי, נָאר זָאג מִיר
דוּא בִּיזְט יָא דֶער חָכָם וִויא אִיז דַיין חָכְמָה? וִויא אִיז אַבְנֵר'ס שְׁטֶעל
פַאר דִיר? וִויא אִיז אַבְנֵר'ס טָאכְטֶער פַאר מִיר? אַבְנֵר אִיז גֶעבְּלִיעבּ
אַבְנֵר, אוּנ מִיר? מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע בְּשׁוּתְּפוּת אַ גוּטֶע קְרֶענְק.

אנטיגנוס: דוּמְקָאפְּף, אַבְנֵר'ן הָאט מַאן נוּר בְּלָאז דַאס לֶעבֶּען גֶעשֶׁענְקְ
אַבֶּער עֶר אִיזְט אוּים דֶעם לַאנְדֶע פֶערְווִיעזֶען.

חנוך: אָבֶּער שְׁפֶּעטֶער וֶועט עֶר צוּרִיק קוּמֶען זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען מִיט זַי
וַוייבּ, דַאמַאלְס וֶועט דֶער גַאנְצֶער שְׁווִינְדֶעל אַרוּים אוּנ דַאמַאלְ
וֶועלֶען מִיר בֵּיידֶע בְּשׁוּתְּפוּת קוּמֶען צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל.

אנטיגנוס: נֵיין דַאפִיר בְּרוֹיכְסְט דוּא קֵיין אַנְגְס צוּ הַאבֶּען, אַבְנֵר אִיזְט
גוּט וִויא גֶעשְׁטָארְבֶּען, מִיר הַאט דֶער קֶענִיג דִיעזֶעס אַמְט אִיבֶּער
גֶעגֶעבֶּען אִיךְ זָאל אִיהְם אִיבֶּער דִיא גְרֶענְצֶע עֶקְסְפֶּעדִיעֶרֶען, אוּנְד מִ
נָאךְ דַאבֵּייא אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ גֶעוַואגְט זָארְגֶע דַאפִיר דַאס עֶר מִיךְ נִ
מֶעהְר זֶעהְן קַאן, וַוייסְט דוּא וַואס דַאס הֵייסְט?

חנוך: וָואס זָאל דָאס הֵייסֶען? דֶער קֶענִיג וִויל נִישְׁט מֶעהְר זַיין פְּנִי
אָנְקוּקֶען.

אנטיגנוס: נֵיין דוּמְקָאפְּף! דַאס עֶר מִיךְ נִיכְט מֶעהְר זָעהְן קַאן הֵייסְט עָ
זָאל אוֹיף דֶעם קֶענִיג נִיט מֶעהְר קֶענֶען זֶעהְן.

חנוך: אִיךְ וַויים נִישְׁט וָואס דָא אִיז דֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד.

אנטיגנוס: בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ עֶרְפִילֶען וֶוערְדֶע אִיךְ דֶעם קֶענִיגְס בֶּעפֶעהְל!

חנוך: אוֹיבּ אַזוֹי וַויים אִיךְ טַאקִי נִישְׁט וָואס דוּא מֵיינְסְט.

אנטיגנוס: בֶּעפָאר אִיךְ בֶּעפְרֵייעֶ אִיהְם פָאן גֶעפֶענְגְנִיס אוּם אִיהְם אוֹ
דֶעם לַאנְדֶע וֶועק צוּ שִׁיקֶען וֶוערְדֶע אִיךְ אִיהְם אוֹיף בֵּיידֶע אוֹיגֶ
בְּלִינְד מַאכֶען.

חנוך: בְּלִינְד? בְּלִינְד הָאסְט דוּא גֶעזָאגְט? אַבְנֵר'ן מַאכֶען בְּלִינְד? הָא
דֶען דֶער קֶענִיג דָאס גֶעמֵיינְט?

אנטיגנוס: וַואס קִימֶערְט מִיךְ וַואס עֶר הַאט גֶעמֵיינְט? אוּנְד זָארְגֶע דַאפִ
דַאס עֶר מִיךְ נִיע מֶעהְר זֶעהְן קַאן דַאס וַוארֶען זַיינֶע וָוארְטֶע, אוּ

וֶוען אִיךְ הַאבֶּע דֶעם קֶענִיגִם וַוארְטֶע בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ עֶרְפִילְט זָא בִּין
אִיךְ גֶעשִׁיטְצְט פָאן יֶעדֶער רֶעכֶענְשַׁאפְט.

**הנוך:** (אפארט) אוֹי אִיז דָאס אַ הוּנְד מִיט צַיין.

**אנטיגנוס:** נוּן הַאבּ אִיךְ רֶעכְט? פֶערְבַּאנְט אוּנְד דַאצוּ נָאךְ בְּלִינְד, אִיזְט
עֶר זָא גוּט וִויא גֶעשְׁטָארְבֶּען, דַאן אִיזְט עֶס מֶעהְר אַלְס גֶעוִויס דַאס
זַיינֶע שְׁטֶעלֶע דִיא בֶּעקָאם אִיךְ...

**הנוך:** אוּנ דִיא טָאכְטֶער בֶּעקוּם אִיךְ, אִיז שׁוֹין טַאקִי וִויעדֶער גוּט.

**אנטיגנוס:** דַארוּם זַאג אִיךְ דִיר גֶעדוּלְד אוּנְד דַאס מוֹיל הַאלְטֶען! (אפארט)
אִיךְ וֶוערְדֶע שָׁאן מִיט דֶער צַייט דִיר דֶען מוּנְד פִיר עֶווִיג שְׁלִיעסֶען.
(אַב)

**הנוך:** אוֹי אִיז דָאס אַ הוּנְד מִיט צַיין! בְּלִינְד! נֶעבִּיךְ אַזַא גוּטֶער אַבְנֵר!
מִיר טְהוּט נֶעבִּיךְ וַויא דָאס הַארְץ אוֹיף אִיהְם... עֶס קָען דָאךְ אָבֶער
אַנְדֶערְשׁ נִישְׁט זַיין, אִיךְ בִּין פֶערְלִיעבְּט, אִיךְ שְׁטַארְבּ! אוּנ אַז אִיךְ
הַאלְט בַּיים שְׁטֶערְבֶּען אִיז דָאךְ דָאס פִּיקוּחַ נֶפֶשׁ, אוּנ פִּיקוּחַ נֶפֶשׁ אִיז
דוֹחֶה שַׁבָּת... שְׁלוֹמִית׳ל... (טאנץ, אב)

(אויפטריט איזבל טרוריג)

**איזבל:** נֵיין אִיךְ פִינְדֶע מֶעהְר קֵיינֶע רוּהֶע, פֶערְשְׁוואוּנְדֶען אִיזְט פָאן מִיר
שְׁלַאף אוּנְד פְרֵיעדֶע, דִיא שְׁטִילֶע אוּנְד דִיא אֵיינְזַאמְקֵייט שְׁרֶעקְט
מִיךְ, הַאט מִיךְ דֶען אַלֶעס פֶערְלַאסֶען? אוֹיךְ מֵיינֶע טָאכְטֶער? וָוא
אִיזְט זִיא?

(אויפטריט תלמי)

דוּא בִּיזְט עֶס תַּלְמַי? בִּיזְט דוּא גַאנְץ אַלֵיין גֶעקָאמֶען אָהְנֶע מֵיינֶע
שְׁלוֹמִית? הַאסְט דוּא נַאכְגֶעפָארְשְׁט וָוא זִיא אִיזְט? הַאסְט דוּא מִיר
אֵיינֶע נַאכְרִיכְט פָאן אִיהְר גֶעבְּרַאכְט?

**תלמי:** קֵיינֶע.

**איזבל:** הַאסְט דוּא זִיא גֶעזוּכְט אִין דִיא הַאלֶען, אִין דִיא גֶערְטֶען, אִין דִיא
שְׁטְרַאסֶען? וָואהִין אִיזְט דֶען מֵיינֶע טָאכְטֶער פֶערְשְׁוואוּנְדֶען?

**תלמי:** דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיזְט גֶעוִויס צוּם קֶערְקֶער אִיהְרֶעס פַאטֶערְס
גֶעגַאנְגֶען אוּם דִיא פְרָאמֶע פְּפְלִיכְטֶען אֵיינֶעס קִינְדֶעס צוּ עֶרְפִילֶען,
זִיא אוּמְשְׁוֶועבְּט אִיהְר פַאטֶערְס גֶעפֶענְגְנִיס וִויא אֵיינֶע פְרָאמֶע טוֹיבֶּע
מִיט דֶעם קְלַאגֶע לוֹיט דֶער לִיעבֶּע, דֶען וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ הַאט זִיא שָׁאן

זֶעלְבְּסְט עֶרְפַאהְרֶען דַאס וַואס אִיךְ בִּין גֶעקָאמֶען אִיהְר מִיט צוּ טְהֵיילֶען.

**איזבל :** וַואס אִיזְט דֶען גֶעשֶׁעהֶען ? זַאג עֶס אוֹיךְ מִיר.

**תלמי :** דִיר ? ! ! דָאךְ יָא ! דוּא זָאלְסְט עֶס הֶערֶען, דִיא שְׁטְרֶענְגֶע רִיכְטֶער פָאן אַבְנֵר'ן הַאבֶּען דֶעם פַאלְשֶׁען צֵייגְנִים פָאן זֵיינֶער פְרוֹיא גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְד אִיהְם צוּם טָאדֶע פֶערְאוּרְטְהֵיילְט, דָאךְ דֶער קֶענִיג הַאט אִיהְם לֶעבֶּען אוּנְד פְרֵייהֵייט גֶעלַאסֶען אוּנְד אִיהְם נוּר אוֹיס דֶעם לַאנְדֶע פֶערְווִיעזֶען.

**איזבל :** שְׁפְּרִיכְסְט דוּא וַואהְר ?

**תלמי :** יַא אוּמְזָאנְסְט הַאסְט דוּא פִיר דֵיין מַאנְס הַאלְז דַאס מֶעסֶער גֶעשְׁלִיפֶען, עֶר לֶעבְּט אוּנְד אִיזְט פְרֵייא.

**איזבל :** לֶעבְּט אוּנְד פְרֵייא ?

**תלמי :** אוּנְד פֶערְבַּאנְט, נוּן אִיזְט דֵיין הַאס נָאךְ נִיכְט בֶּעפְרִידִיגְט ? עֶרְפְרֵייט הַאט דִיעזֶע נַאכְרִיכְט אוּנְז אַלֶע נוּר נִיכְט אַבְנֵר'ס פְרוֹיא, דֵיינֶען מַאן הַאסְט דוּא גֶעוָואלְט פֶערְנִיכְטֶען אוּנְד דוּא זֶעלְבְּסְט בִּיזְט פֶערְנִיכְטֶעט, דַאס אַבֶּער אִיזְט עֶרְשְׁט דֶער אַנְפַאנְג דֵיינֶער שְׁטְרַאפֶע.

(וויל אַב)

**איזבל :** תַּלְמַי וַוארְטֶע, קָאם נֶעהֶער צוּ מִיר, גֶעסְטֶערְן אַלְס אַבְנֵר וַואר נָאךְ אִים פָאלֶען גְלַאנְץ זֵיינֶער גְרֶעסֶע אוּנְד עֶר הַאט דִיךְ דֶען שְׁקְלַאוֶוען אַלְס זֵיינֶען זָאהְן אַנְעֶרְקַאנְט הַאט עֶר דַאמִיט אֵיינֶע אַלְטֶע וואוּנְדֶע אוֹיפְגֶערִיסֶען אוּנְד מֵיין הֶערְץ וַואר פָאל הַאס אוּנְד צָארְן גֶעגֶען דִיךְ זָא ווִיא גֶעגֶען אִיהְם, יֶעטְצְט אַבֶּער יֶעטְצְט וֶוען דוּא וֶוענְדֶעסְט דִיךְ פָאן מִיר אַוֶועק מִיט זָאלְכֶער פֶערְאַכְטוּנְג, אַנְשְׁטַאט דִיר צוּ צִירְנֶען פִיהְל אִיךְ מִיךְ צוּ דִיר הִינְגֶעצָאגֶען, מֵיין צָארְן הַאט זִיךְ אוֹיפְגֶעלֶעזְט אִין מִיטְלֵייד, אִין וֶועהְמוּט יַא זָאגַאר אִין לִיעבֶּע ! תַּלְמַי ! פֶערְלַאס מִיךְ נִיכְט, זֵייא אוֹיךְ מֵיין קִינְד.

**תלמי :** (רייסט זיך אויס) וֵוייבּ ! דַאמַאלְס אַלְס אִיךְ הַאבּ דִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מַאל גֶעזֶעהֶען אַן דֶער זֵייטֶע פָאן דֶעם גְרָאסֶען הֶעלְדֶען, וַואן אִיךְ הַאבֶּע דֵיינֶע שֶׁעהְנֶע הֶערְלִיכֶע גֶעשְׁטַאלְט צוּם עֶרְשְׁטֶען מַאל עֶרְבְּלִיקְט אוּנְד אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען הַאבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעגְנֶעט הַאט עֶס מֵיין הֶערְץ אָהְנֶע צוּ ווִיסֶען וַוארוּם זָא טִיעף עֶרְגְרִיפֶען דַאס מֵיינֶע אוֹיגֶען הַאבֶּען זִיךְ

מִיט טְרֶעהְנֶען גֶעפִּילְט אוּנְד אִיךְ וָואלְטֶע וֵויינֶענְד צוּ דֵיינֶע פִּיעסֶע זִינְקֶען אוּנְד פַאר דִיר יַאמֶערְן וַייא דוּא מֵיינֶע מוּטֶער דֶען מִיר פֶעהְלְט אֵיינֶע, אֵיינְזַאם בִּין אִיךְ אִין דֶער גְרָאסֶען וֵוייטֶען וֶועלְט, דִיא יֶענִיגֶע וֶועלְכֶע הַאבֶען מִיר דַאס לֶעבֶּען גֶעשֶׁענְקְט, דִיא הַאבּ אִיךְ נִיע גֶעזֶעהֶען, נִיע גֶעקַאנְט, אַךְ וֶוען דִיעזֶעס וֵוייבּ מֵיינֶע מוּטֶער וֶוערֶע וַואר נָאךְ דַאמַאלְס דֶער הֵייסֶעסְטֶער ווּאוּנְשׁ מֵיינֶעם הֶערְצֶענְס, הֵייטֶע אַבֶּער נַאכְדֶעם אִיךְ הַאבּ עֶרְפַאהְרֶען דַאס דֵיינֶע הֶענְדֶע הַאבֶּען דִיא פְּפֵייל͏ֶע גֶעשְׁמִיעדְט וֶועלְכֶע זָאל אַבְנֵר׳ס הֶערְץ דוּרְכְבָּאהְרֶען, פְּפְלִיכְט, נַאטוּר אוּנְד לִיעבֶּע הַאסְט דוּא מִיט אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶער גְרוֹיזַאמְקֵייט עֶרְשְׁטִיקְט! הֵייטֶע וֶוענְדֶעט זִיךְ מֵיין הֶערְץ פָאן דִיר וֶועק מִיט שְׁרֶעקֶען אוּנְד פֶערְאַבְטוּנְג, הֵייטֶע וִויל אִיךְ אֵייְנֶע טִיגֶערִין פָאן דֶער וִוילְדֶען וִויסְטֶע לִיעבֶּער נֶענֶען מוּטֶער אַנְ֗ם אֵיין זָאלְכֶעם וֵוייבּ וִויא דוּא! (אַב)

**איזבל:** (פויזע) דַאס אִיזְט דֶער אַנְפַאנְג מֵיינֶער שְׁטְרַאפֶע... דָאךְ נֵיין, אִיךְ בֶּערֵייהֶע מֵיינֶע הַאנְדְלוּנְג נִיכְט, אֶה שַׁאטֶען מֵיינֶעם קִינְדֶעם הֶערֶע דִיא שְׁטִימֶע דֵיינֶער מוּטֶער, קָאם שְׁטֵייגֶע הֶערוֹים אוֹיס דֵיינֶעם גְרַאבּ אוּנְד צֵייגֶע דִיךְ מֵיינֶעם בְּלִיק זָא וִויא דוּא וַוארְסְט דַאמַאלְס וֶוען דֵיין פַאטֶער הַאט דִיךְ הִין גֶעאָפְּפֶערְט, דֵיין הֶערְץ צֶערְרֵייסֶענְדֶער אַנְבְּלִיק זָאל מֵיינֶע ווּאוּטְה אוֹיפְּס נֵייע עֶנְטְפְלַאמֶען אוּנְד אִין מֵיינֶעם הֶערְצֶען טֶעטֶען דֶעם לֶעטְצְטֶען פִּינְק פָאן לִיעבֶּע וַואס אִיךְ נָאךְ פִיהְלֶע פִּיר דֵיינֶען מֶערְדֶער.

(אויפּטריט פרץ, מילכה)

אִיהְר וַייט עֶם? קָאמְט אִיהְר אַלֵיין? וַואר מֵיין שְׁלוֹמִית נִיט מִיט אֵייךְ? הַאבְּט אִיהְר זִיא נִיכְט גֶעזֶעהֶען אִירְגֶענְד וָוא?

**פרץ:** צוּ שְׁלוֹמִית׳ן וֶוענֶען מִיר דָאךְ גֶעקוּמֶען אִיז זִיא גָאר נִישְׁט דָא? קוּם מִילְכָּה.

**איזבל:** וַוארְטֶעט אִיךְ וִויל מִיט אֵייךְ צוּזַאמֶען גֶעהְן אוּנְד זִיא זוּכֶען.

**פרץ:** דוּא מִיט אוּנְז צוּזַאמֶען גֶעהְן? שְׁטֶעהְט מִיר נִישְׁט אָן, קוּם מִילְכָּה.

**איזבל:** וַוארְט! הַאסְט דוּא דֶען דֵיינֶען פֶערְשְׁטַאנְד פֶערְלָארֶען?

**פרץ:** נָאךְ נִישְׁט.

**איזבל:** קָאם הֶער צוּ מִיר מִילְכָּה.

פרין: מִילְכָּה! וְויא גָאט אִיז דִיר לִיעבּ, וְויא פֶּרֶץ אִיז דִיר לִיעבּ, רִיהְר
נִיטְט צוּ אִיהְר צ׳, שְׁטֶעה נִישְׁט אִין אִיהְרֶע ד׳ אַמוֹת!

איזבל: פְּרֶעכֶער דִיעֶנֶער! הַאסְט דוּא פֶּערְגֶעסֶען וֶוער אִיךְ בִּין?

פרין: אֵיין אִשָּׁה רָעָה!... יָא דָאס בִּיזְט דוּא אוּנ לָאז מִיר אָבּ מַיין מַיי
אָדֶער וְוילְסְט דוּא אַז דַיין קְרֶענְק זָאל אוֹיךְ צוּ אִיהְר אִיבֶּערְגֶעהְן

מילכה: אָה הֶערְרִין! זַייא נִישְׁט בֵּייז אוֹיף אִיהְם, עֶר הָאט אֵיין גוּ
הֶערְץ אוּנ הָאט נִיט גֶעמֵיינְט חָלִילָה דִיךְ צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען, עֶר הָאט
גֶעזָאגְט דָאס וָואס אַלֶע זָאגֶען אוֹיף דִיר.

איזבל: אוּנְד דוּא? דוּא וֶועלְכֶע דוּא בִּיזְט אִין מֵיין הוֹיז אוֹיפְגֶעוַוא
אוּנְד בִּיזְט בֵּיינַאהֶע וְויא מֵיין אֵייגֶען קִינְד, וַואס זָאגְסְט דוּא אוֹיף

מילכה: מֶ... מֶעג אִיךְ... מֶעג אִיךְ דֶען זָאגֶען דֶעם אֶמֶת?

איזבל: גֶעוִויס!

מילכה: דָא... דָא... דָאס זָאג אִיךְ אוֹיךְ! (געפּאסט) יָא, אוּנְד וֶוע
זָאלְסְט זָאגַאר מֵיינֶע אֵייגֶענֶע מוּטֶער זַיין, וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ אַנְ
נִישְׁט גֶעזָאגְט, אִיזְט דָאס נִישְׁט הִימֶעל שְׁרֵייעֶנְד מִיט אֵייגֶענֶע
צוּ צֶערְשְׁטֶערֶען אַזָא גְלִיקְלִיךְ הוֹיז! אוּנ וֶוען עֶס זָאל אוֹיךְ זַיין
אַז דַיין מַאן אִיז אֵיין פֶּערְרֶעטֶער גֶעגֶען קֶענִיג, וָואס גֶעהְט עֶס דִי
וָואס הָאט אַ וַוייבּ זִיךְ צוּ מִישֶׁען אִין פָּאלִיטִיק? אַ וַוייבּ אִי
רִיפּ פוּן אִיהְר מַאן, אוּנ וָואס מַיין מַאן גֶעפֶּעלְט, גֶעפֶּעלְט מִיר
אוּנ וָואס אִיהְם נִישְׁט גֶעפֶּעלְט דַארְף מִיר אוֹיךְ נִישְׁט גֶעפֶּעלֶען
מַאן עֶר אִיז מַיין קֶענִיג! מַיין מַאן עֶר אִיז מַיין פַאטֶערְלַאנְד! מַי
עֶר אִיז מַיין גָאט אוּנ מַיין וֶועלְט אוּנ מַיין אַלְדִינְג.

פרין: מִילְכָּה עֶס זָאל מִיר זַיין פַאר דַיין צוּנְג... אֶמֶת אַזוֹי אִיז
דוּא זָאגְסְט! סְאִיז אַלְדִינְג אֶמֶת, נָאר אֵיין זַאךְ נִישְׁט, אַבְנֵ
פֶּערְרֶעטֶער? נֵיין! זִיא אַלֵיין ווייסְט אוֹיךְ אַז סְאִיז נִישְׁט אֶמֶ
הָאט דִיר אַבְנֵר אַזוֹי דִיא בְּרִיעף גֶעשִׁיקְט אַזוֹי וְויא זַייא זֶענֶע
דֶעם אֶמֶת, אִיךְ בֶּעשְׁוֶועהְר דִיךְ בַּייא דַיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער שְׁ

איזבל: שְׁוַוייגֶע.

פרין: נֵיין! אִיךְ וִויל נִיט שְׁוַוייגֶען, אִיךְ וֶועל שְׁרַייעֶן, שְׁרַייעֶן בִּיז אִ
דִיךְ טוּיבּ מַאכֶען! זָאג דֶעם אֶמֶת! אִיךְ בֶּעשְׁוֶועהְר דִיךְ בַּיי

אַנְדֶענְקֶען פוּן יֶענֶעם קִינְד װֶעלְכֶעם דוּא הַאסְט אוֹיף דֶער װֶעלְט גֶעבְּרַאכְט צוּרִיק מִיט אַכְטְצֶעהְן יָאהְר.

**איזבל:** וַואס הַאסְט דוּא גֶעזַאגְט? וַואס וֵוייסְט דוּא פָאן יֶענֶעם קִינְד?

**פרין:** וָואס אִיךְ וֵויים פוּן יֶענֶעם קִינְד? מֶעהְר פוּן דִיר, זָאג דֶעם אֱמֶת אוּנ אִיךְ וֶועל דִיר אַנְפֶערְטְרוֹיעֶן אַזַא זַאךְ וָואס קֵיין זֶעלֶע הָאט עֶס נָאךְ פוּן מִיר בִּיז יֶעטְצְט גֶעהֶערְט נִיט אַפִּילוּ אַבְנֵר.

**איזבל:** שְׁפְּרִיךְ!... נוּן רֶעדֶע דָאךְ.

**פרין:** נָאךְ נִישְׁט! פְּרִיהֶער זָאג דוּא מִיר, הָאט אַבְנֵר אַמָאל דִיר דֶערְצֶעהְלְט פוּן יֶענֶעם קִינְד?

**איזבל:** אִין אֵיין בְּרִיעף הַאט עֶר מִיר גֶעשְׁטַאנְדֶען, דַאס דַאס קִינְד אִיזְט נִיכְט דַאמַאלְס אַן מֵיינֶער בְּרוּסְט גֶעשְׁטָארְבֶען, נוּר עֶר הַאט עֶס אֵיינֶעם דִיעֶנֶער גֶעגֶעבֶען דַאס אוּמְצוּבְּרִינְגֶען.

**פרין:** אוּנְד וֵוייסְט דוּא וָוער יֶענֶער דִיעֶנֶער אִיז גֶעוֶועזְן?

**איזבל:** וֶוער?

**פרין:** אִיךְ!!!

**איזבל:** דוּא?

**מילכה:** כֶּרֶץ!!!

**איזבל:** (ערגרייפט איהם) בִּיזְט דוּא מֵיין קִינְדְס מֶערְדֶער?

**פרין:** פַאוָואלִיעֶ! דֶערְהַרְגֶע מִיךְ נִישְׁט, אִיךְ בִּין דָאךְ נִישְׁט דַיין מַאן! פְּרִיהֶער הֶער! אַזוֹי וִויא דוּרְךְ אַ נְבוּאָה פוּן דֶעם הִימֶעל הָאט זִיךְ אַבְנֵר אִיבֶּערְצֵייגְט אַז דַיין קִינְד וֶועט זִיךְ פֶּערְאֵיינִיגֶען מִיט דִיא הֵיידֶען, מִיט אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים גֶעגֶען אוּנְזֶער הֵיילִיג לַאנְד! אִיז דָאס נָאךְ נִישְׁט גֶענוּג? נֵיין דֶער טְהַייעֶרֶער תַּכְשִׁיט וֶועט זִיךְ אוֹיךְ מִיט זַיין שְׁוֶוערְד דִיא בְּרוּסְט פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם פָּאטֶער לֶעבֶערֶען. נוּר גָאט אַלֵיין וַוייסְט, וויפִיעל בְּלוּט אוּנְד טְרֶעהְרֶען עֶס הָאט זַיין פָאטֶער גֶעקָאכְט בִּיז עֶר הָאט זִיךְ דָאךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען נִישְׁט צוּ עֶרְצִיעֶהֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם פַאטֶערְלַאנְד אַ שׂוֹנֵא. אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם הוֹיז אַזַא שַׁאנְדֶע, וִויא יוּנְג אִיךְ בִּין דַאמַאלְס גֶעוֶועזְן, בִּין אִיךְ שָׁאן גֶעוֶועזְן אַבְנֵר'ס לִיעבְּלִינְג, אוּנ עֶר הָאט צוּ מִיר דָאס גְרֶעסְטֶע צוּטְרוֹיעֶן גֶעהַאט אוּנ נוּר מִיר אַלֵיין הָאט עֶר דַאמַאלְס דָאס טְרוֹירִיגֶע גֶעהֵיימְנִיס אַנְפֶערְטְרוֹיט אוּנ אִין

מײַנע הענדע איבערגעבען דעם זיעסען קדיש אז איך זאל איהם פערזארגען אונ...

איזבל: נון...

פרין: האב איך איהם פערזארגט.

איזבל: ערמארדעט?

מילכה: דוא?

איזבל: האסט איהם געטעטעט?

מילכה: ביזט דוא דער שליח געװעזען?

איזבל: שפּריך!

מילכה: רעדע!

פרין: שאאאַט קאטשקעס!... לאזט מיך אויסרעדען, איך האב דאס זינדיגע נשמה׳לע אויף מײַנע הענד גענומען אונ געשפּאנט. װאהין, װאס דערמיט צו טהון, האב איך אַלײן ניט געװאוסט, אזוי געהענדיג אויף דעם װעג האט פּלוצים אנגעהויבען דער קאפּף מיר צו רױשען אונ דאס האַרץ מיר צו קלאַפּען, װאס איז? דער קאפּף מיט׳ן האַרץ האבען זיך צוקריעגט, דער קאפּף האט געטענה׳ט פּרין אויב דאס קינד װעט שפּעטער זײַן אַ מערדער נאך דערצו אַ פאטער מערדער אַזאַ קינד דארף נישט אויפװאַקסען, האט אבער דאס האַרץ געטענה׳ט פּרין אויב דאס קינד װעט אַמאל זײַן אַ מערדער אדער ניט דערװײַל ביזט דוא פּרין שױן אַ מערדער, האט זיך װײַטער דער קאפּף אנגערופען...

מילכה: װאס?

פרין: איך געדענק שױן ניט װאס דער קאפּף האט װײַטער געזאגט. האט איהם אבער דאס האַרץ געענטפערט...

מילכה: װאס?

פרין: געדענק איך שױן אויך ניט, איך געדענק נור אז דער קאפּ האט גערױשט אונ דאס האַרץ האט געבאבעט אונ איך בין געגאנגען, געגאנגען אונ געגאנגען אזױ לאנג, אַזױ ברײט, װאַלד אײַן, װאַלד אויס, נישט אײַן, נישט אויס, ביז איך בין צוגעקומען צום ברעג פון ירדן, דארט האב איך מיך אַנידער געזעצט מיט דעם צוקינפּטיגען מערדער אויף מײַנע הענד, קוקענדיג אזױ אין זײַנע מערדערישע אײגעלעך פרעג איך איהם װאס

זָאל אִיךְ מִיט דִיר טְהוּן ? עֶנְטְפֶּערְט עֶר מִיר אְ עֶ אְ עֶ, גְלַייךְ וִויא עֶר וָואלְט מִיר גֶעזָאגְט פֶּרֶצְ'ל, זִיעם פֶּרֶצְ'ל, טְהַייעֶר פֶּרֶצְ'ל, שֶׁענְק מִיר דָאס לֶעבֶּען! וָואס בִּין אִיךְ שוּלְדִיג וָואס אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? הָאט עֶס מִיךְ גֶעגֶעבֶּען אַ קְלֶעם בַּיים הֶערְצֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרַייא צוּ מִיר אַלֵיין פֶּרֶץ! דֶער קְלֵיינֶער הָאט רֶעכְט, דֶערְוַוייל אִיז נִישְׁט וַוייט פוּן דֶעם בְּרֶעג פַארְבַּייא גֶעזֶועגֶעלְט אַ שִׁיף, אַ גֶעדַאנְק! אִיךְ הָאבּ דָאס קְלֵיינֶע מֶערְדֶערִיל בַּיים בְּרֶעג אַוֶועק גֶעלֶעגְט אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְשְׁטֶעקְט, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן וִויא דֶער שִׁיפֶער הָאט עֶס זִיךְ אִין שִׁיף צוּגֶענוּמֶען אוּנ אִיז דַאמִיט אַוֶועק אוּנ פָּטוּר גֶעוָוארֶען אַ חָמֵץ פוּן דֶער שְׁטוּב.

**איזבל:** דוּא הַאסְט אִיהְם אַלְזָא נִישְׁט אוּמְגֶעבְּרַאכְט?

**מילכה:** עֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען לֶעבֶּען?

**פרץ:** נִישְׁט אַבְּנֵר אַלֵיין וַוייסְט עֶס נָאךְ אוֹיךְ, דוּא בִּיזְט דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס הָאסְט גֶעהֶערְט דֶעם אֶמֶת, דֶערְפַאר וִויל אִיךְ אָבֶּער פוּן דִיר אוֹיךְ הֶערֶען דֶעם אֶמֶת, אַ יָא דוּא הָאסְט פַאלְשׁ עֵדוּת גֶעזָאגְט גֶעגֶען דַיין מַאן?

**איזבל:** אוּנְד יֶענֶער שִׁיפֶער וֶוער אִיזְט עֶר? אוּנְד וָואהִין הַאט זַיין שִׁיף גֶעזֶועגֶעלְט?

**פרץ:** וֶוער עֶר אִיז, פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, וָואהִין עֶר אִיז, דָאס וַוייס אִיךְ נִישְׁט, אָבֶּער אַ יָא דוּא הָאסְט פַאלְשׁ עֵדוּת גֶעזָאגְט גֶעגֶען דַיין מַאן?

**איזבל:** אוּנְד וַוארוּם הַאסְט דוּא דַאמַאלְס אוֹיךְ מִיר נִיכְט דִיעֶזֶעס גֶעהֵיימְנִיס אַנְפֶערְטְרוֹיעֶט?

**פרץ:** אַז דַיין מַאן הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען דוּא דַארְפְסְט עֶס נִישְׁט וִויסֶען, הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי פֶערְשְׁטַאנֶען, אָבֶּער דוּא? אַ יָא דוּא הָאסְט פַאלְשׁ עֵדוּת גֶעזָאגְט גֶעגֶען דַיין מַאן?

**מילכה:** אָה הֶערְרִין, נָאךְ אִיזְט עֶס צֵייט, צִיה צוּרִיק דַיין פַאלְשֶׁעס צֵייגְנִיס... רֶעטֶע דַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶען מַאן.

**פרץ:** אַרוֹיס מִיטְ'ן אֶמֶת.

**מילכה:** דֶערְפַאר וֶועט דִיר גָאט הֶעלְפֶּען.

**ביידע:** דֶעם אֶמֶת, זָאג דֶעם אֶמֶת.

איזבל: (אויפגערעגט) לאָסט מיך... מאַרטערט מיך נישט... אָדער וואָלט איהר איך זאָל מיינען פערשטאַנד פערליערען?

פרץ: דאָס יאָ!

איזבל: וואָס איך געטהאָן האָבּע, איך ווייס עס ניכט!... וואָס ווייטער צו טהון... ניין... איך קאָן ניכט... אונמעגליך, גאָט העלפע מיר, העלפע. (אָב)

פרץ: נוּא מילכה׳לע וואָס זאָגסט דוא? (I. Ritt.)

מילכה: (וויינענד) וואָס איך זאָג? איך זאָג אַז...

פרץ: אַז.

מילכה: איך האָבּ שוין מורא חתונה צו האָבּען.

פרץ: מורא? גאָט איז מיט דיר! אויבּ סאיז אַ רעדע פון מורא דאַרף איך דאָך מורא האָבּען.

מילכה: דוּא?

פרץ: איך נאַר איך! אָט זעהסט דוא עס מיט די אויגען אַזאַ העלד וויא אַבנר, אַזאַ העלד וואָס האָט איינגענומען אַזוי פיעל לענדער, איינ־גענומען אַזוי פיעל שונאים, איינגענומען אַ וועלט, קומט ער אַהיים צו זיין ווייבּ אונ נעמט אַיין...

מילכה: וואָס?

פרץ: אַ מיתה משונה! פון דעסטוועגען קוק איך דאַרויף נישט, אונ אַז איך שטעל מיר איין מיין לעבּען אונ האָבּ חתונה מעגסט דוא אַ וודאי חתונה האָבּען. (II. Ritt. Nr. 11)

אַ טרייע פרויא לויפט פאַר איהר מאַן אַפּילוּ אין דער ערד אַריין.

מילכה: אין דער ערד צו לויפען פאַסט דאָך גיכער פאַר אַ טרייען מאַן.

פרץ: אויף די הענד טראָגען דעם מאַן וויא אַ קינד.

מילכה: דאָס דאַרפט איהר טהון ווייל איהר זענט זעהר געזונד.

פרץ: דעם מאַן איינשלעפען.

מילכה: אויף קיין שום אופן.

פרץ: מיך שען פּאַרוויעגען.

מילכה: ניין קענסט דאָס נישט קריעגען.

פרץ: יאָ.

מילכה: ניין.

פרץ: יָא.
מילכה: נַיין.
פרץ: יָא.
מילכה: נַיין.
מילכה: אֵיילולולוּא זָאל אַ פְרויא דֶעם מַאן גָאר זִינְגֶען
פרץ: וַוייל אַזַא מַאן מַאכְט דִיר כָּבוֹד אִיךְ בִּין הֶערְר.
מילכה: צוּ דֶעם קֶענְסְט דוּא דִיר אַ הַאלְבּ טִיץ שְׁקְלַאוֶוען דִינְגֶען.
פרץ: וַוייל דָאס וַוייבּ פְּרֶעסְט אוּמְזִיסְט אִיךְ אַרְבֵּייט שְׁוֶוער
ביידע: אַ מַאן לִיעבֶּען כָּבוֹד עֶהְרֶע
דָאס אִיז נָאר בַּיים מַאן דִיא בְּרֵירָה
וֶועסְט דוּא פַארְדִיענֶען דָאס גֶעפִּינֶען קֶענְסְט דוּא נָאר בַּייא מִיר
ווִילְסְט דוּא נָאר דֶעם סְבָּאדִיק טְרָאגֶען
מוּז אִיךְ דִיר דֶעם אֱמֶת זָאגֶען.
פרץ: נִישְׁט בַּייא פֶּרֶץ.
מילכה: נִישְׁט בַּייא מִילְכָּה.
זוּךְ זֶשֶׁע דִיר אַיין אַנְדֶער בְּרִיאָה
מוֹחֵל דִיר אַזַא מְצִיאָה — הַאלְט דֶעם פִּיסְק.
מילכה: פֶּרֶצ׳ל הֶער.
פרץ: נַיין אִיבֶּערְבֶּעטֶען וֶועל אִיךְ מִיךְ מִיט דִיר נִישְׁט מֶעהְר.
מילכה: פֶּרֶצ׳ל קוּם צוּ מִיר גֶעשְׁווִינְד.
פרץ: נוּא זָאג מִיר צוּ דוּא וֶועסְט מִיךְ הִיטֶען וִויא אַ קִינְד.
מילכה: אִיךְ וִויעג דִיךְ אַיין אוֹיף מַיין שׁוֹים } (ביידע)
נָאר הַאלְט דוּא דִיךְ נִיט אַזוֹי גְרוֹים.
קוּם קוּם קוּם.
אֵיילוּלוּא שְׁלָאף גֶעזוּנְד, אֵיילוּלוּא שְׁלָאף מַיין קִינְד
אֵיילוּלוּא חָלוֹם פְּרֵייא נוּר פוּן לִיעבֶּע אוּנ גֶעטְרַייא... אֵיילוּלוּא
(אב)

---

# פֶערְוַואנְדְלוּנְג

(קערקער הויף, אויפטריט שלומית אַלס קנאבע)

(II. Ritt. Nr. 1?)

שלוֹמִית: פֶערְלַאסֶען בִּיזְט דוּא יֶעטְצְט פָאן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט
פַאטֶער . . . פַאטֶער . . .
גֶעבְּלֶענְדֶעט אוּנְד פֶערְבַּאנְט אוּנְד יֶעטְצְט פֶערְרֶעטֶער
פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד
הֶעטֶע אִיךְ פַאטֶער, הֶעטֶע אִיךְ נוּר גֶעקַאנְט
אִיךְ וָואלְטֶע דֵיינֶע שְׁמֶערְצֶען הֵיילֶען
אַךְ וֶוערֶע אִיךְ יֶעטְצְט נוּר אוּמְשְׁטַאנְד
מֵיינֶע אוֹיגֶען וָואלְט אִיךְ מִיט דִיר גֶעטְהֵיילֶען
דָאךְ אִיךְ גֶעה נִיכְט פָאן הִיער
אִיבֶּערַאל פָאלְגֶע אִיךְ דִיר
אִיךְ אַלֵיין אִיךְ דֵיין קִינְד אִיבֶּערַאל
פָאלְג אִיךְ דִיר אִיךְ אַלֵיין דֵיין קִינְד
אִיךְ וִויל דֵיין אוֹיגֶע זֵיין מֵיין לֶעבֶּען אָפְּפֶערֶע אִיךְ
פַאר דִיר אִיךְ אַלֵיין אִיךְ דֵיין קִינְד . . .

(אויפטריט וועכטער)

וועכטער: הֶע בּוּרְשֶׁע וֶוער בִּיזְט דוּא?
שלוֹמִית: אֵיין אַרְמֶעס בּוֹיעֶרְן קִינְד.
וועכטער: אוּנְד וַואס זוּכְסְט דוּא הִיער בֵּיים גֶעפֶענְגְנִים?
שלוֹמִית: אִיךְ הַאבֶּע גֶעהֶערְט דַאס מַאן זוּכְט אֵיינֶען אַרְמֶען קְנַאבֶּען אוּם
אֵיינֶען בְּלִינְדֶען צוּ פִיהְרֶען.
וועכטער: וִוילְסְט דִיעזֶען בְּלִינְדֶען פִיהְרֶען?
שלוֹמִית: יַא.
וועכטער: אוּנְד וֵוייסְט דוּא וֶוער דִיעזֶער בְּלִינְדֶער אִיזְט?
שלוֹמִית: עֶס אִיזְט דֶער גֶענֶערַאל אַבְנֵר.

**וועכטער:** הַאסְט אִיהְם שָׁאן אַמאָל גֶעזֶעהֶען?

**שלומית:** יַא! וֶוען דֶער קֶענִיג אוּנְד דַאס גַאנְצֶע פָאלְק הַאבֶּען אִיהְם עֶמְפְּפַאנְגֶען מִיט יוּבֶּעל אוּנְד פְרֵייךֶע. (וויינט)

**וועכטער:** דוּא וֵויינְסְט? דוּא שֵׁיינְסְט אִיהְם טִיעף צוּ בֶּעדוֹיעֶרֶען.

**שלומית:** וֶוער קֶען נִיכְט וֵויינֶען אִיבֶּער דַאס שִׁיקְזַאל פָאן דִיעזֶען אוּנְ-גְלִיקְלִיכֶען? עֶרְשְׁט גֶעסְטֶערְן הַאט אִיהְם דַאס גַאנְצֶע פָאלְק פֶערְגֶעטֶערְט, הַייטֶע לִיעגְט עֶר אֵיינְזַאם אִין אֵיין פִינְסְטֶערֶען קֶערְקֶער, עֶרְשְׁט גֶעסְטֶערְן וַואר עֶר דֶער שְׁטָאלְץ אוּנְד דִיא צִיערְדֶע פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד, הַייטֶע ווירְד עֶר פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד פֶערְיַאגְט אַלְס אֵיין בְּלִינְדֶער בֶּעטְלֶער.

**וועכטער:** אִינְטֶערֶעסִיערְט דִיךְ זֵיין אוּנְגְלִיק זָא פִיעל, וַוארוּם? וַואס אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעהְט עֶר דִיךְ אַן?

**שלומית:** וֵוייל... וֵוייל אִיךְ הַאטֶע אֵיינְסְט אֵיינֶען אַרְמֶען בְּלִינְדֶען פַאטֶער וֶועלְכֶען אִיךְ בְּלֶעגְטֶע אַלְס קִינְד פִיהְרֶען אוּנְד זֵייט דֶעם אִינְטֶערֶעסִיערְט מִיךְ יֶעדֶער בְּלִינְדֶער וֶוער עֶס אוֹיךְ זֵייא, וֵוייל דַאס עֶרְאִינֶערְט מִיךְ אַן מֵיינֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶען פַאטֶער.

**וועכטער:** אַלְזָא דוּא ווילְסְט זֵיין פִיהְרֶער זֵיין? גוּט! וַוארְטֶע הִיער, אִיךְ בְּרִינְגֶע אִיהְם בַּאלְד דִיר אוֹיס דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אוּנְד דִיא וַואכֶע ווירְד אֵייךְ בֶּעגְלֵייטֶען בִּיז אִיבֶּער דִיא גְרֶענְצֶע, אַבֶּער דוּא דַארְפְסְט נִיט מֶעהְר מִיט אִיהְם צוּריק קֶעהְרֶען, בֵּייא טָאדֶעס שְׁטְרַאפֶע. (אָב)

**שלומית:** (וויינענד) יֶעטְצְט אָה לַאנְג פֶערְהַאלְטֶענֶע שְׁמֶערְץ, יֶעטְצְט דַארְפְסְט דוּא דֵיינֶע קֶעטֶען בְּרֶעכֶען, קְוֶועלְט אוֹיס מֵיינֶע אוֹיגֶען אִיהְר טְרֶעהְנֶען, פְלִיעסֶעט, פְלִיעסֶעט פִיעל, זָאנְסְט צֶערְשְׁפְּרִינְגְט אִין מִיר דַאס הֶערְץ, מֵיין פַאטֶער דֶער גְרֶעסְטֶער אוּנְטֶער אַלֶע הֶעלְדֶען, דֶער בֶּעסְטֶער אוּנְטֶער אַלֶע מֶענְשֶׁען, עֶר הַאט קֵיינֶע אוֹיגֶען מֶעהְר, אָה פַאטֶער פַאטֶער! קֶענְטֶע אִיךְ נוּר מֵיינֶע אוֹיגֶען דִיר וֶועק גֶעבֶּען.

(איפטריט אבנר אין קעטען, וועכטער)

גָאט זָא זִיעהְט יֶעטְצְט מֵיין פַאטֶער אוֹיס? וֶועה מִיר.

**אבנר:** זָאגֶען וֶוערְמֶע פִיהְל אִיךְ הִיער, פְרִישֶׁע עֶרְקְוִויקֶענְדֶע מָארְגֶען-לוּפְט, בִּין אִיךְ דֶען נִיט מֶעהְר אִין מֵיינֶעם קַאלְטֶען פִינְסְטֶערֶען קֶערְקֶער?

**וועכטער:** נִיכְט נוּר אוֹיס דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס, זָאנְדֶערְן אוֹיךְ פוּן דֵיינֶע קֶעטֶען ווירְסְט דוּא יֶעטְצְט בֶּעפְרֵייעט. (נעמט זיא איהם אָב)

**שלומית:** גָאט לֵייהֶע מִיר קְרַאפְט, הֶעלְפֶע מִיר עֶרְטְרַאגֶען וַואס אִיךְ זֶעהֶע, וַואס אִיךְ הֶערֶע!

**אבנר:** שְׁלוּכְצֶען הֶער אִיךְ, וֵויינְט נִיכְט יֶעמַאנְד?

**וועכטער:** עֶס אִיזְט אֵיין קְנַאבֶּע וֶועלְכֶער אוּם דִיךְ וֵויינְט.

**אבנר:** אוּם מִיךְ? גִיבְּט עֶס נָאךְ טְרֶעהְנֶען פִיר אַבְנֵר?

**וועכטער:** דֶער קְנַאבֶּע וִויל דֵיין פִיהְרֶער זֵיין, בֵּיים טְהָאר וַוארְטֶעט שָׁאן דִיא וַואכֶע אוּם אֵייךְ צוּ בֶּעגְלֵייטֶען, נוּר בֶּעדֶענְקֶע קֶעהְרְסְט דוּא אֵיין מַאל וִויעדֶער צוּרִיק בֶּעצַאהְלְסְט דוּא עֶס מִיט דֵיינֶעם לֶעבֶּען אוּנְד אוֹיךְ דַאס לֶעבֶּען פָאן דִיעזֶען קְנַאבֶּען לַאדֶעסְט דוּא אוֹיף דֵיינֶען גֶעוִויסֶען, גְלִיקְלִיכֶע רֵייזֶע גֶעדֶענְקֶע. (אַב)

**אבנר:** קְנַאבֶּע!

**שלומית:** הֶערְר!

**אבנר:** קָאם נֶעהֶער צוּ מִיר, אִיזְט דֶער וֶועכְטֶער שָׁאן פָארְט?

**שלומית:** יַא.

**אבנר:** בִּין אִיךְ אַלֵיין מִיט דִיר?

**שלומית:** יַא.

**אבנר:** דוּא שֵׁיינְסְט אֵיין גוּט הֶערְצִיגֶעם קִינְד צוּ זֵיין, דֶען דוּא הַאסְט אוּם מִיךְ גֶעוֵויינְט. אִיךְ קַאן מִיךְ אַלְזָא דִיר אַנְפֶערְטְרוֹיעֶן אוּנְד דוּא וִוירְסְט מֵיינֶע בִּיטֶע מִיר נִיכְט אַבְּשְׁלַאגֶען, נִיכְט וַואהְר?

**שלומית:** שְׁפְּרִיךְ.

**אבנר:** קֶענְסְט דוּא מֵיינֶע וָואהְנוּנְג?

**שלומית:** יַא.

**אבנר:** זָא לוֹיפֶע שְׁנֶעל דַאהִין מֵיין גוּטֶער קְנַאבֶּע, בֶּעפָאר וִויר וֶוערְדֶען אַבְּגֶעפִיהְרְט.

**שלומית:** וַואס זָאל אִיךְ דָארְט?

**אבנר:** הֶערֶע לִיעבּ קִינְד, אִיךְ הַאבֶּע צוּ הוֹיזֶע אֵיינֶע טָאכְטֶער אוּנְד בֶּעפָאר אִיךְ גֶעהֶע אוּם נִיע וִויעדֶער צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען וִויל אִיךְ נָאךְ אֵיינְמַאל, צוּם לֶעטְצְטֶען מַאל זִיא זֶעהְן... אַךְ וָואס רֶעד אִיךְ, זֶעהְן הַאבּ אִיךְ גֶעזַאגְט? נִיכְט עֶנְטְוֶועהְנֶען קֶען זִיךְ דִיא שְׁפְּרַאכֶע זָא שְׁנֶעל פָאן דֶעם וַואס אִיךְ הַאבֶּע זָא שְׁנֶעל פֶערְלָארֶען, אַבֶּער הֶערֶען, הֶערֶען מֶעכְטֶע אִיךְ נָאךְ אֵיין מַאל דִיא שְׁטִימֶע מֵיינֶע טָאכְטֶער, לוֹיפֶע שְׁנֶעל

מַיין גוט-הֶערְצִיגֶער יוּנְגֶע, זִיא וִוירְד דִיר גֶערְנֶע פָאלְגֶען, זַאג אִיהְר דַאס אִיהְר פַּאטֶער וִויל צוּם לֶעטְצְטֶען מַאל לֶעגֶען זַיינֶע הַאנְד אוֹיף אִיהְר קָאפְּף, צוּם לֶעטְצְטֶען מַאל זִיא אַן דַאס לִיעבֶּע-פָאלֶע פַאטֶער הֶערְץ דְרִיקֶען.

**שלומית:** (קען זיך ניט בעהערשען) פַּאטֶער!!!

**אבנר:** וֶועלְכֶע שְׁטִימֶע?

**שלומית:** פַּאטֶער! מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פַּאטֶער!

**אבנר:** דוּא מַיינֶע טָאכְטֶער? מַיין קִינְד דוּא בִּיזְט עֶס?

**שלומית:** עֶרְפַּאהְרֶען הַאבֶּע אִיךְ דַאס מַאן זוּכְט פִיר דִיךְ אַיינֶען יוּנְגְלִינְג זָא הַאבֶּע אִיךְ מִיךְ אִין מֶענֶער טְרַאכְט פֶערְקְלֵיידֶעט אוּם נִיכְט עֶרְקֶענְט צוּ וֶוערֶען, דַאמִיט אִיךְ זָאל דִיךְ פִיהְרֶען, דִיךְ בֶּעגְלֵייטֶען, דִיךְ בֶּעשִׁימְזֶען, מִיט דִיר דֵיינֶע לֵיידֶען טְהֵיילֶען, קֵיין פְרֶעמְדֶער נוּר אִיךְ דֵיין קִינְד.

**אבנר:** אָה קֶענְטֶע אִיךְ נָאךְ טְרֶעהְנֶען פֶּערְגִיעסֶען, אַךְ! וִויא רֵייכְלִיךְ וִוירְדֶען זִיא פְלִיעסֶען, נִיכְט פָאר יַאמֶער, נֵיין! פָאר פְרֵיידֶע! קֶענִיג אוּנְדַאנְקְבַּארֶער הֶערְשֶׁער, אַלֶעם הַאסְט דוּא מִיר גֶערוֹיבְּט! פָאן מַיינֶעם קָאפְּף הַאסְט דוּא דִיא לָארְבֶּער קְרָאהְנֶע מִיר עֶנְטְרִיסֶען אוּנְד אִיהְם מִיט שַאנְדֶע בֶּעדֶעקְט! הַאסְט מִיר מַיין שְׁוֶוערְד גֶענָאמֶען אוּנְד דַאפִּיר מִיר קֶעטֶען גֶעגֶעבֶּען, אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען הַאסְט דוּא מִיר מַיין פּוּרְפּוּר מַאנְטֶעל אוּנְד מִיךְ אַיינְגֶעהִילְט אִין שְׁקְלַאוֶוען טְרַאכְט, הַאסְט מִיר גֶענָאמֶען דַאס וַואס דוּא מִיר נִיכְט גֶעגֶעבֶּען הַאסְט, מַיינֶע אוֹיגֶען! דִיא אוֹיגֶען וֶועלְכֶע הַאבֶּען טַאג אוּנְד נַאכְט פִיר דִיךְ גֶעוַואכְט, אוּנְד גְלוֹיבְּסְט דוּא דַאמִיט מִיךְ גַאנְץ פֶערְנִיכְטֶעט צוּ הַאבֶּען? נֵיין! אַיינֶעם אִיזְט מִיר נָאךְ צוּרִיק גֶעבְּלִיעבֶּען זָא אַיינֶעם וֶועלְכֶעם דוּא קַאנְסְט עֶס מִיר נִיכְט נֶעהְמֶען, דִיא לִיעבֶּע פָאן מַיינֶעם טְרַייעֶן אוּנְד פְרָאמֶען קִינְד.

**שלומית:** מַיין פַּאטֶער! (אומאַרמונג)

(פֿ אָ ר ה א נ ג.)

(ענדע דעס דריטען אַקטעס).



## IV. אַקְט.

(וואלד מיט פעלזען בריקע, אויפּטריט פּערזער, סעלים, תלמי).

(II. Ritt. Nr. 13)

קאהר: וַואכְט אויף וַואכְט אויף צום קַאמְפְּף (בים)
אִיהְר בְּרַאוֶע פֶּערְזֶער פָאַרְוֶוערְטְס (בים)
פָארְוֶוערְטְס גֶעהְט צום שְׁטְרֵייט.

תלמי: בֶּעשְׁטִירְמֶען דַאס הֶעבְּרֶעעֶר לַאנְד (בים)
זֵייעֶרֶע הֶעלְדֶען צוּ בֶּעקֶעמְפְּפֶען הַאבֶּען וִויר מַארְשִׁיעֶרְט זָא וַוייט.

קאהר: בֶּעשְׁטִירְמֶען...

תלמי: דַארוּם אַלֶע פְּרִישׁ מִיט מוּטְה – זִיעגֶער זִינְד וִויר אִיבֶּעראַל
רַאבֶּע פִּיר דֶעם גֶענֶעראַל – אַלֶע פְּרִישׁ מִיט מוּטְה.

קאהר: אַלֶע פְּרִישׁ מִיט מוּטְה – זִיעגֶער זִינְד וִויר אִיבֶּעראַל
רַאבֶּע פִּיר דֶעם גֶענֶעראַל – אַלֶע פְּרִישׁ מִיט מוּטְה
רַאבֶּע רַאבֶּע פִּיר אוּנְזֶער גֶענֶעראַל (טאנץ)
יָא רַאבֶּע פִּיר אוּנְזֶער גֶענֶעראַל רַאבֶּע יָא רַאבֶּע!

תלמי: נוּן סֶעלִים דֶענְקְסְט דוּא נִיכְט דַאס וִויר הַאבֶּען הִיעֶר גֶענוּג גֶערוּהֶעט אוּנְד עֶס אִיזְט צֵייט וֵוייטֶער צוּ מַארְשִׁיעֶרֶען.

סעלים: גַאנְץ רֶעכְט, דָאךְ צוּעֶרְסְט זַאגֶע מִיר תַּלְמַי וִויא וַוייט אִיזְט נָאךְ בִּיז יְרוּשָׁלַיִם?

תלמי: וֶוען וִויר נָאךְ וַוייטֶער זָא מַארְשִׁיעֶרֶען וִויא בִּיז יֶעטְצְט זִינְד וִויר דָארְט אִין אֵיינִיגֶע טַאגֶען.

סעלים: גוּט, דַאן אִיבֶּערְפַאלֶען וִויר פְּלֶעטְצְלִיךְ דִיעזֶע הוֹיפְּטְשְׁטַאדְט פוּן דֶעם הֶעבְּרֶעעֶר לַאנְד, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע מוֹיעֶרֶען וֶוערְדֶען בַּאלְד וֶועהֶען אוּנְזֶערֶע פַאהְנֶען, דִיא פֶּערְזִישֶׁע, נִיכְט וַואהְר?

תלמי: גַאנְץ זִיכֶער. (I. Ritt.)

סעלים: אוּנְד בִּיזְט דוּא וִוירְקְלִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט דַאס אֵיין גְרָאסֶער טְהֵייל פָאן דֶער הֶעבְּרֶעאִישֶׁען אַרְמֶעע וִוירְד צוּ אוּנְז אִיבֶּערְגֶעהְן אוּנְד זִיךְ אוֹיף אוּנְזֶערֶער זֵייטֶע שְׁלַאגֶען?

**תלמי:** יַא וָא בַּאלְד וִיא נוּר דִיא אוּרְזַאכֶע עֶרְפַאהְרֶען וַוארוּם וִויר אִין דַאס לַאנְד יְהוּדָא אֵיינְגֶעדְרוּנְגֶען, דֶען יֶעדֶער סָאלְדַאט וֶועלְכֶער אִיזְט אֵיינְמַאל גֶעשְׁטַאנְדֶען אוּנְטֶער דֶעם קָאמַאנְדָא פָאן דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען גֶענֶערַאל אַבְנֵר דֶער הַאט דִיעֶזֶען נַאמֶען נִיכְט פֶערְגֶעסֶען, דֶער אִיזְט דוּרְסְטִיג נָאךְ רַאכֶע פִיר זַיין גֶעפַאלֶענֶען גֶענֶערַאל, דַארוּם זָאל דֶער נַאמֶען אַבְנֵר פָאן יֶעדֶער מוּנְד גֶערוּפֶען וֶוערְדֶען – אַבְנֵר אוּנְד רַאכֶע זֵייא אוּנְזֶער לָאזוּנְגֶס וָוארְט אוּנְד דַאס פִיהְרְט אוּנְז צוּם זִיכֶערֶען זִיעג.

**סעלים:** אַבְנֵר אוּנְד רַאכֶע!

**אלע:** אַבְנֵר אוּנְד רַאכֶע!

**סעלים:** אוֹיף נַאךְ יְרוּשָׁלַיִם פָארְוֶוערְטְס. (II. Ritt. Nr. 14)

**תלמי:** יַא אַבְנֵר אוּנְד רַאכֶע דַאס אִיזְט אוּנְזֶער לָאזוּנְגֶס וָוארְט
יַא אוּנְזֶער וָוארְט, יַא אַבְנֵר אוּנְד רַאכֶע זָאל יֶעדֶער
שְׁרֵייעֶן אוּנְד וֵויינֶען, פָארְט
יַא פָארְוֶוערְטְס אִין דַאס לַאנְד יְהוּדָא אִין דֶען גֶערֶעכְטֶען
קְרִיעג
נוּר פָארְוֶוערְטְס אִין דַאס לַאנְד יְהוּדָא טָאד אוּנְד זִיעג. } (קאָהר ביס)

(II. Ritt. Nr. 15) (ראכע, אָב)

(אויפּטריט אבנר געפּיהרט פֿון שלומית)

**אבנר:** וַוייט וַוייט פָאן מֵיין פַאטֶערְלַאנְד
**שלומית:** וַוייט פָאן מֵיין פַאטֶערְלַאנְד
**אבנר:** פֶערְיַאגְט בִּין אִיךְ
**ביידע:** פֶערְיַאגְט זִינְד וִויר – אוֹיף דֶער וַוייטֶער וֶועלְט
**אבנר:** שֶׁענְקְט אַ נְדָבָה דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם הֶעלְד
**ביידע:** שֶׁענְקְט אַ נְדָבָה דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם הֶעלְד
**אבנר:** אִין מֵיינֶעם הוֹיז גֶעהֶערְשְׁט הַאט אִיךְ אַמַאל פְרִיעד אוּנְד גְלִיק
שֶׁענְקְט אַ נְדָבָה דֶעם רֶעטֶער פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד
**שלומית:** פַארְבַּייא אִיזְט דִיא צַייט, דֶער בְּלִינְדֶער בֶּעטְלֶער שְׁטְרֶעקְט אוֹיס
נָאךְ אַ נְדָבָה זַיין הַאנְד, שֶׁענְקְט אַ נְדָבָה
**ביידע:** דֶעם רֶעטֶער פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד
שֶׁענְקְט אַ נְדָבָה דֶעם רֶעטֶער פָאן דֶעם פַאטֶערְלַאנְד.

**אבנר:** (ווערט צוגעפֿיהרט פֿון שלומית צו איין שטיין, ער זעטצט זיך זיא נעבען איהם אויף דער ערד) נוּן מֵיין קִינְד וִויא גֶעפֶעלְט דִיר דֵיין יֶעטְצְטִיגֶעם לֶעבֶּען? רָאהֶע הַארְטֶע פֶעלְזֶען אוּנְטֶער דֵיינֶע פִיעסֶע דָארְנֶען צֶערְשְׁטֶעכֶען דֵיינֶע הֶענְד, אוּנְטֶער דֵיינֶען קָאפְּף לִיעגְט אַלְס קִישֶׁען אֵיין הַארְטֶער שְׁטֵיין, בֶּעטְלֶען מוּזְט דוּא אֵיין שְׁטִיקְכֶען בְּרָאד פִיר אוּנְז, אַךְ! אוּנְד דִיעזֶעס עֶלֶענְדֶע לֶעבֶּען הַאבּ אִיךְ דִיר בֶּערֵייטֶעט.

**שלומית:** עֶלֶענְדֶעס לֶעבֶּען? נֵיין טְהֵייעֶרֶער פַּאטֶער, בֶּעגְלִיקְט בִּין אִיךְ דַאס אִיךְ טְהֵיילֶע מִיט דִיר דֵיין טְרוֹירִיגֶעס שִׁיקְזַאל.

**אבנר:** יַא טְרוֹירִיג אִיזְט מֵיין שִׁיקְזַאל, דָאךְ אִיךְ הַאבֶּע עֶס פֶערְדִיעְנְט, ווארוּם וָואלְטֶע מֵיינֶע פְרֶעכֶע הַאנְד גֶעוַואלְטְזַאם פֶערְנִיכְטֶען יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע נְבִיאָה וֶועגֶען מֵיין זָאהְן, זֵיינֶע שוֹידֶערְהַאפְטֶע צוּקוּנְפְט וַואס דֶער הִימֶעל מִיר גֶעצֵייגְט הַאט?

**שלומית:** אוּנְד דָאךְ ווִירְד נִיעמַאנְד וַאגֶען דִיךְ צוּ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען, אִים גֶעגֶענְטְהֵייל מִיטְפִיהְלֶען מוּז יֶעדֶער מִיט דִיר דִיא לֵיידֶען פָאן דֵיינֶעם פַאטֶער הֶערְץ, בֶּעוואוּנְדֶערֶען מוּז דִיךְ יֶעדֶער מִיט וֶועלְכֶעם הֶעלְדֶענְ-מוּטְה דוּא וָואלְטֶעסְט דֵיין קִינְד מַקְרִיב זַיין אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיג פַאטֶערְלַאנְד, אַבֶּער וַואס דֶער הִימֶעל בֶּעשְׁטִימְט הַאט קָען קֵיין מֶענְשׁ עֶנְדֶערֶען, דֵיין זָאהְן אִיזְט דָאךְ גֶעבְּלִיעבֶּען לֶעבֶּען ווִיא אִיךְ הַאבּ דִיר שָׁאן עֶרְצֶעהְלְט פָאן דֵיינֶעם טְרֵייעָן דִיעֶנֶער פֶּרֶץ וֶועלְכֶער הַאט עֶס מִיר עֶנְטְדֶעקְט.

**אבנר:** יַא מֵיין זָאהְן אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אַם לֶעבֶּען אוּנְד אִיךְ וַויים נִיכְט אָבּ אִיךְ זָאל מִיךְ דַארִיבֶּער פְרֵייעֶן אָדֶער צִיטֶערֶען! יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע פְּרָאפֶּעצֵייהוּנְג וַואר זִיא אֵיינֶע פַאלְשֶׁע? אָדֶער... גָאט מִיךְ שוֹידֶערְט וֶוען אִיךְ דַארַאן דֶענְקֶע, (מ׳ען הערט דאס קאָהר) הָארְךְ וַואס זִינְד דַאס פִיר קְרִיגֶערִישֶׁע טֶעהְנֶע?

**שלומית:** אַךְ פַאטֶער אִיבֶּער דִיא פֶעלְזֶענְבְּרִיקֶע קָאמְט אֵיין צוּג פָאן פֶערְזִישֶׁע קְרִיעגֶער.

**אבנר:** אוּנְד וַוארוּם צִיטֶערְסְט דוּא? (I. Ritt)

**שלומית:** אָה דִיעזֶע בַּארְבַּארֶען וֶועלְכֶע הַאבֶּען שָׁאן זָא פִיעלֶע מַאל דֵיינֶע גְרֶעסֶע גֶעפִיהְלְט, וֶוען זִיא דִיךְ יֶעטְצְט ווִיעדֶער עֶרְקֶענֶען וֶוערְדֶען זִיא

פָאן דֵיין אוּנְגְלִיק שְׁפָּאטֶען, דִיךְ פִּיעֶלֵייכְט טֶעדְטֶען, קָאמֶע פַאטֶער
לַאס אוּנְז עֶנְטְפְלִיהֶען.

**אבנר:** פִּירְכְטֶע נִיכְטְס מֵיין קִינְד, וֶוען זִיא קְרִיעגֶער זִינְד וֶוערְדֶען זִיא אֵייגֶען
אַלְטֶען קְרִיעגְסְמַאן נִיכְט פֶערְשְׁפָּאטֶען.

(סעלים, קאָהר אַלס פערזער ערשיינענד זינגענד אבנר אונד ראבע) (II. Ritt. Nr. 16)

**אבנר:** וַואס הֶערֶע אִיךְ מֵיינֶען נַאמֶען בֵּייא דִיא פֵיינְדֶע אִין מוּנְד ? (ערהעבט
זיינען שטאק מיט מעכטיגער בעפעהלענדער שטימע) הַאלְט !!!

**סעלים:** (פון דער בריקע) וֶוער רוּפְט דָארְט ?

**אבנר:** הַאלְט זַאג אִיךְ קֵיינֶען שְׁרִיט וֵוייטֶער !

**סעלים:** (פון תלמי בעגלייטעט קאמען הערונטער) וֶוער אִיזְט דִיעֶזֶער בֶּעטְלֶער
וֶועלְכֶער וַואגְט אוּנְז אוֹיפְצוּהַאלְטֶען ?

**אבנר:** דֶער וֶעלְכֶער וֶועלְכֶער וִוירְד יֶעטְצְט פָאן אֵייעֶר מוּנְד גֶעהֶערְט,
אִיךְ בִּין אַבְנֵר ! (תלמי פון דער פערנע שטוינענד)

**סעלים:** וַואס ? דוּא גֶענֶערַאל אַבְנֵר ? אַרְמֶער מַאן בִּיזְט דוּא נוּר בְּלִינְד
זָאנְדֶערְן אוֹיךְ פֶערְרִיקְט ?

**תלמי:** בְּלִינְד ?

**אבנר:** יַא בְּלִינְד בִּין אִיךְ, גֶעבְלֶענְדֶעט, אַבֶער נִיכְט פֶערְבְלֶענְדֶעט, אֵיין
בֶּעטְלֶער אַבֶער אִין קְרַאפְט נָאךְ רֵייךְ, פָאן מֵיינֶעם שְׁטַאנְד פֶערְטְרִיעבֶען,
דָאךְ לִיעבּ אִיךְ עֶס מֶעהְר אַלְס מֵיין לֶעבֶען, גֶענֶערַאל בִּין אִיךְ נִיכְט
מֶעהְר, דָאךְ נָאךְ שְׁטַארְק אוּנְד מוּטְהִיג אוּם אֵייךְ ווִילְדֶע בַּארְבַּארֶען
מִיךְ עֶנְטְגֶעגֶען צוּ שְׁטֶעלֶען.

**תלמי:** (אויפשרייענד) יַא ! עֶר אִיזְט עֶס ! אַן דִיעֶזֶער שְׁפְּרַאכֶע עֶרְקֶענֶע אִיךְ
ווִיעדֶער דִיעֶזֶען הֶעלְדֶען, (צו זיינע פיעסען שטירצענד וויינענד) לַאס מִיךְ
עֶדְלֶער הֶערְר, לַאס מִיךְ דֵיינֶע קְנִיע אוּמְאַרְמֶען, לַאס מִיךְ דֵיינֶע הֶענְדֶע
מִיט מֵיינֶע הֵייסֶע טְרֶעהְנֶען בַּאדֶען, (קיסט זיינע הענדע) אִין וֶועלְכֶען
צוּשְׁטַאנְד מוּס אִיךְ דִיךְ ווִיעדֶער זֶעהְן ?

**שלומית:** דוּא בִּיזְט עֶס ? תַּלְמַי !

**תלמי:** שְׁלוֹמִית !

**אבנר:** (שטרענג) תַּלְמַי ! מִיט וֶועלְכֶען רֶעכְט עֶנְטְוֵוייהֶעסְט דוּא מֵיינֶען
אוּנְבֶּעפְלֶעקְטֶען נַאמֶען ? ווִיא קָאמְט דֶער נַאמֶען אַבְנֵר אִין דֶען מוּנְד
מֵיינֶער פֵיינְדֶע ?

**תלמי :** פֵיינְדֶע? נֵיין דַאס זִינְד וִיא נִיכְט, הֶערֶע מִיךְ, דִיא יֶענִיגֶע בֵּייא וֶועלְכֶע דוּא וַוארְסְט דֶער קָאפְּף אוּנְד דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד דִיא הַאבֶּן דִיךְ מִיט שַׁאנְדֶע הִינוֹיס גֶעשְׁטָאסֶען, דִיךְ עֶנְטְעֶהְרְט, דֵיין אוֹיגֶען לִיכְט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען אוּנְד דִיר נוּר דֶעם אַטְהֶעם גֶעלַאסֶען אוּם דֵיינֶע לֵיידֶען צוּ פֶערְקִינְדֶען! זָא הַאבֶּען דִיךְ דֵיינֶע אֵייגֶענֶע הֶעבְּרֶעעֶר בֶּעהַאנְדֶעלְט' אוּנְד וִויר וֶועלְכֶע דוּא רוּפְסְט וִוילְדֶע בַּארְבַּארֶען, וִויר זִינְד אוֹיס פֶערְזִיעֶן הֶערְגֶעקָאמֶען טִיעף גֶערִיהְרְט פָאן דֵיין גֶעפַאלֶענֶע גְרֶעסֶע, וָואלֶען וִויר נֶעהְמֶען רַאכֶע אַן דֵיינֶע פֵיינְדֶע, אוּנְד דִיךְ דֵיינֶעם לַאנְדֶע וִויעדֶער צוּרִיק גֶעבֶּען, אָה נֶעהְמֶע וִיא אַן דִיא קְרֶעפְטִיגֶע הֶענְד וֶועלְכֶע עֶרְהֶעבֶּען זִיךְ פִיר דִיךְ, נֶעהְמֶע וִיא אַן דִיא טְרֵייעֶ הֶערְצֶער וֶועלְכֶע דִיר עֶנְטְגֶעגֶען שְׁלַאגֶען!

**אבנר :** וֶוער אִיזְט דֶער פִיהְרֶער דִיעזֶער אַרְמֶעע?

**סעלים :** אִיךְ בִּין עֶס! סֶעלִים! דִיעזֶער הֶעלְדִישֶׁער יוּנְגְלִינְג תַּלְמַי הַאט אוּנְז אוֹיס פֶּערְזִיעֶן הֶערְגֶערוּפֶען אוּם דִיךְ צוּ רֶעטֶען אוּנְד אַן דֵיינֶע פֵיינְדֶע רַאכֶע צוּ נֶעהְמֶען.

**אבנר :** סֶעלִים הֶערֶע מִיךְ, דִיעזֶער יוּנְגְלִינְג וַואר מֵיין קְרִיעגְס גֶעפַאנְגֶענֶער! מֵיין קֶענִיג הַאט מִיר אִיהְם צוּם שְׁקְלַאוֶוען גֶעשֶׁענְקְט, מֵיין גֶעשֶׁענְק דִיא פְרֵייהֵייט וָואלְטֶע עֶר נִיכְט אַנְנֶעהְמֶען, זָא פָארְדֶערֶע אִיךְ יֶעטְצְט פָאן אֵייךְ פֶערְזֶער מֵיינֶען שְׁקְלַאוֶוען צוּרִיק.

**סעלים :** דֵיינֶען שְׁקְלַאוֶוען? הַאט דֶען דֵיין גוּטֶער גְנֶעדִיגֶער קֶענִיג דִיר נָאךְ אֵייגֶענְטְהוּם גֶעלַאסֶען? קַאנְסְט דוּא נָאךְ פָאן אִירְגֶענְד עֶטְוַואס אוֹיף דֶער וֵוייטֶען עֶרְדֶע זַאגֶען דַאס·אִיזְט מֵיין?

**תלמי :** יַא! אִיךְ בִּין נָאךְ זַיין, זַיין שְׁקְלַאוֶוע בְּלֵייבֶּע אִיךְ אוֹיךְ וֵוייטֶער, אוּנְד דֶעסְוֶועגֶען הַאט זִיךְ דֶער שְׁקְלַאוֶוע בֶּעוַואפְנֶעט אוּם זַיינֶען הֶערְרֶען צוּ רֶעטֶען.

**אבנר :** אַבֶּער אַלְס מֵיין שְׁקְלַאוֶוע מוּזְט דוּא נָאר מֵיינֶען בֶּעפֶעהְל גֶעהָארְכֶען.

**תלמי :** וַואס בֶּעפֶעהְלְט מֵיין הֶערְר אוּנְד גֶעבִּיעטֶער?

**אבנר :** צוּרִיק! פִיהְרֶע דִיעזֶע קְרִיעגֶער וִויעדֶער אִין אִיהְרֶע הֵיימַאט צוּרִיק

**תלמי :** נֵיין רֶעטֶען וִויל אִיךְ דִיךְ גֶעגֶען דֵיינֶען וִוילֶען.

אבנר: פֶּערְזִישֶׁער יוּנְגְלִינְג וִויא וֶועניג קֶענְסְט דוּא דֶען גֶענֶעראל אַבְנֵר, וַואס גְלוֹיבְּסְט דוּא פָאן מִיר, אִיךְ זָאל צוּגֶעבֶּען דַאס פְרֶעמְדֶע קְרִיעגֶער זָאלֶען אִין מֵיינֶען נאמֶען מֵיין פַאטֶערְלַאנְד אִיבֶּערְפַאלֶען? עֶרְפִילְט אִיזְט דַאס בּוּךְ מֵיינֶעס לֶעבֶּענְס מִיט הֶעלְדֶענְטְהַאטֶען פָאן רֵיינֶער טְרֵייעֶ, זָאל אִיךְ דֶען דִיא לֶעטְצְטֶע וֶועניגֶע בְּלֶעטֶער יֶעטְצְט בֶּעפְלֶעקֶען מִיט פַאלְשְׁהֵייט? צִיהְט פָאן דַאגֶען בֵּיידֶע, אִיךְ פֶערְאַכְטֶע אֵייעֶר הִילְפֶע! אוּנְד וַואן אִיהְר מִיר בִּיטֶעט אַלֶע קֶענִינְס קְרָאנֶען דֶער וֶועלְט, אוּנְד קֶענְטֶעט אִיהְר מֵיין אוֹיגֶען לִיכְט מִיר צוּרִיק גֶעבֶּען אוּנְד קֶענְטֶעט אִיהְר מֵיינֶען אֵיינְצִיגֶען זָאהְן דִיא אוּרְזַאכֶע פָאן אַלֶע מֵיינֶע לֵיידֶען מִיר ווִיעדֶער גֶעבֶּען, אַלֶע דִיעזֶע נַאבֶּען זִינְד מִיר נִיכְט זָא פִיעל וֶוערְטְה ווִיא אֵיינֶע אֵיינְצִיגֶע שְׁפַאנֶע עֶרְדֶע פָאן מֵיינֶעם גֶעלִיעבְּטֶען פַאטֶערְלַאנְד.

רמי: מֵיין הֶערְר אוּנְד גֶעבִּיעטֶער!

בנר: צוּרִיק זַאגֶע אִיךְ! צוּרִיק נַאךְ פֶּערְזִיעֶן, נַאךְ דֵיין פַאטֶערְלַאנְד.

רמי: אַךְ אַבְנֵר, וֶוערֶע דִיר מֵיינֶע טְרוּירִיגֶע לֶעבֶּענְס גֶעשִׁיכְטֶע בֶּעקַאנְט פֶּערְזִיעֶן מֵיין פַאטֶערְלַאנְד? נֵיין אַבְנֵר דַאס אִיזְט עֶס נִישְׁט.

בנר: נִיכְט? בִּיזְט דוּא דֶען קֵיין פֶּערְזֶער? וֶועלְכֶעס אַנְדֶערֶען לַאנְדֶע פֶערְדַאנְקְסְט דוּא דֵיין לֶעבֶּען?

רמי: אוּנְבֶּעקַאנְט אִיזְט מִיר מֵיין פַאטֶערְלַאנְד, ווִיא אוֹיךְ דִיא יֶענִיגֶע וֶועלְכֶע מִיר דַאס לֶעבֶּען גֶעשֶׁענְקְט הַאבֶּען.

ידע: וַואס זַאגְסְט דוּא?

רמי: אִיךְ בִּין נִיכְט מֶעהְר אַלְס אֵיין פִינְדְלִינְג.

ידע: אֵיין פִינְדְלִינְג

רמי: דִיא וֶועלְכֶע הַאט מִיךְ גֶעבָּארֶען הַאט מִיךְ וֶועקְגֶעוָוארְפֶען אַלְס אִיךְ נָאךְ אֵיין זֵייגְלִינְג וַואר אוּנְד ווִיא אִיךְ הַאבּ שְׁפֶּעטֶער עֶרְפַאהְרֶען הַאט זִיךְ דַאמַאלְס אַ שִׁיפֶער מֵיינֶער עֶרְבַּארְמְט, מִיךְ נַאךְ פֶּערְזִיעֶן גֶעבְּרַאכְט אוּנְד אֵיינֶעם קִינְדֶער לָאזֶען פִירְסְטֶען פֶערְקוֹיפְט אוּנְד אָבְוָואהְל ווִיא אֵיין פִירְסְטֶען קִינְד עֶרְצָאגֶען, אִיזְט מֵיין הֶערְץ אִיהְם דָאךְ פְרֶעמְד גֶעבְּלִיעבֶּען, אִיהְם ווִיא אוֹיךְ יֶענֶעם לַאנְדֶע, שְׁטֶענְדִיג הַאט זִיךְ מֵיין הֶערְץ נוּר גֶעזֶעהְנְט נַאךְ יֶענֶעם פְּלַאטְץ וָוא דֶער שִׁיפֶער הַאט מִיךְ גֶעפוּנְדֶען . . . אַבְנֵר! שְׁלוֹמִית! וַואס אִיזְט אֵייךְ? הַאט אֵייךְ מֵיין עֶרְצֶעהְלוּנְג זָא עֶרְשִׁיטֶערְט?

שלומית: גוטער גאָט וועלכע אַהנונג?

אבנר: וויא אַלט ביזט דוא?

תלמי: אַכטצעהן יאָהרע.

אבנר: וואו האט דיך יענער שיפער געפונדען?

תלמי: ביים אופער פון דעם ירדן.

אבנר: עווינער גאָט!

תלמי: מיין געביעטער!

אבנר: דיין פאטער! (וואנקט)

שלומית: מיין פאטער... באַרמהערציגער גאָט שטערקע מיינען פּא דאס גליק צו ערטראגען זא העלדענמוטהיג וויא ער האט אונגליק ערטראגען.

אבנר: וואו איזט מיין זאהן? קאָמע שליעס דיך פעסטער אן מיינער ב גאָט נאך ניע האבע איך דאס טיעפע וועה פאן מיינער בלינדהי ביטער געפיהלט אַלס יעטצט, יעטצט ווען איך האב מיינען געפונדען אונד קען איהם ניכט מיט מיינע אויגען זעהן.

תלמי: (אומארמט) פאטער... בין איך אבנר'ס קינד? ניכט זיין שקלא

אבנר: שקלאווע! איך האב דיך דאצו געמאכט, פערצייהע עס מיר איינע פראפעצייהונג דאס דוא ווירסט איינסט געגען איינגענען נ אונד פאטערלאנד קעמפפען האט מיך צו דיעזען שריט געטר אַבער עבען דיעזער שריט האט יענע פראפעצייהונג אין ע געבראכט.

תלמי: זא וואר עס מיין איינענעם פאטערלאנד געגען וועלכען א געקעמפפט אין דער לעטצטען שלאכט? אונד דיעזע ברוסט מיין שווערד וואלטע דורכבאָהרען וואר דיא מיינעם איינגענען פּ

אבנר: דער הימעלס עווינער ווילע איזט געשעהען, יעטצט ביזט ווידער געגעבען, קאמט מיינע זיעסע קינדער, מיינע צווי אבוואהל פערבאנט האב איך דאך ערשט יעטצט גליק או געפונדען, קאמט!

סעלים: האלט!!! וואהין? מיט אונז מוזט איהר געהען, מיט שלאכטפעלד, זינד וויר דען הערגעקאמען אום ווידער

קֶעהְרֶען מִיט נִיכְטְס? אַן דֵיינֶע פֵיינְדֶע רַאכֶע צוּ נֶעהְמֶען דַאס וַואר אוּנְזֶער צְוֶועק!

**אבנר:** אַבֶער וֶוען אִיךְ אֵייעֶר הִילְפֶע נִיכְט פֶערְלַאנְגֶע! גֶעהְט! דִיא רַאכֶע אַבְנֶר'ס דִיא ווִירְד גָאט עֶרְפִילֶען.

**סעלים:** זָא גֶעה דוּא אַלֵיין וָוא דוּא ווִילְסְט, אַבֶער דֵיין זָאהְן דֶער אִיזְט אוּנְזֶערֶער, עֶר הַאט אוּנְז אוֹיס אוּנְזֶערֶע הֵיימַאט הִיעֶר הֶערְגֶערוּפֶען, עֶר הַאט אוּנְז גֶעשְׁוָואהְרֶען עֶווִיגֶע טְרֵייעֶ אוּנְד וִויר אִיהְם, אוּנְד דִיעזֶען הֵיילִיגֶען שְׁווּאוּר קַאן נוּר לֶעזֶען אוּנְזֶערֶע זִיעגֶעס פַאהְנֶע אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם'ס מוֹיעֶרֶען.

**אבנר:** אִיזְט עֶס וַואהְר תַּלְמַי? הַאסְט דוּא גֶעשְׁוָואהְרֶען?

**תלמי:** יַא פַאטֶער פִיר דִיךְ.

**אבנר:** זָא מוּס אִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מַאל אִין מֵיינֶעם לֶעבֶּען פַאר דֶעם פֵיינְד אוֹיף מֵיינֶע קְנִיעֶן זִינְקֶען, סֶעלִים (קניעט) זִיעהֶע דֶען גֶענֶעַראל אַבְנֵר פַאר דִיר קְנִיעֶן, גִיעבּ דֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶען פַאטֶער זֵיינֶען זָאהְן צוּרִיק, בֶּעפְרֵייעֶ אִיהְם פָאן זֵיינֶען שְׁווּאוּר! הֶערֶע מִיךְ סֶעלִים! אִיךְ בֶּעשְׁוֶועהְרֶע דִיךְ בֵּיים נַאמֶען פַאטֶער, בֵּייא דִיעזֶען הֵיילִיגֶען נַאמֶען, וֶועלְכֶער גִילְט אַלְס דַאס הֶעכְסְטֶע בֵּייא אַלֶע פֶעלְקֶער דֶער גַאנְצֶען וֶועלְט, בֵּיים נַאמֶען פַאטֶערְלַאנְד וַואס אוֹיךְ בֵּייא אֵייךְ הֵיילִיג אִיזְט, קֶענְטֶעט אִיהְר דֶען צְווֶעהְן דַאס אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע זֶעהְנֶע זָאלֶען אֵייעֶר אֵייגֶענֶעס פַאטֶערְלַאנְד פֶערְוִויסְטֶען, שֶׁענְקֶע מִיר מֵיינֶען אֵיינְצִיגֶען זָאהְן צוּרִיק' (שטעהט אויף) בִּיזְט דוּא שְׁטוּם? ווִילְסְט דוּא מִיךְ נִיכְט הֶערֶען? קַאן מֵיין יַאמֶערְן דֵיין פֶעלְזֶענְהֶערְץ נִיכְט רִיהְרֶען?... תַּלְמַי!

**תלמי:** פַאטֶער!

**אבנר:** דֵיין שְׁוֶוערְד!

**תלמי:** וַואס ווִילְסְט דוּא מִיהוּן פַאטֶער?

**אבנר:** דֵיין הֶערְץ דוּרְכְבָּאהְרֶען ווִיל אִיךְ! אֵיינֶע לֵיבֶע זָאלְסְט דוּא פַאר מֵיינֶע פִיעסֶע זִינְקֶען, בֶעפָאר דוּא זָאלְסְט צוּם צְווֵייטֶען מַאל צִיעהֶען דֵיין שְׁוֶוערְד גֶעגֶען דַאס אֵייגֶענֶע פַאטֶערְלַאנְד.

**תלמי:** (גיט זיא איהם) דוּא זָאלְסְט מִיךְ ווִירְדִיג פִינְדֶען דֵיין זָאהְן צוּ הֵייסֶען! (קניעט) עֶס אִיזְט דֶער שֶׁעהְנְסְטֶער טָאדְט דֶען אִיךְ מִיר ווִינְשֶׁען קַאן! שְׁטָאס צוּ!

**סעלים:** הַאלְט אֵיין! (ענטרייסט איהם דאס שווערד) בֶּעוואוּנְדֶערְנְסְוֶוערְט זֵייט אִיהְר בֵּיידֶע פַאטֶער אוּנְד זָאהְן! פְרֵייא בִּיזְט דוּא תַּלְמַי פָאן דֵיינֶען שְׁוואוּר, גֶעה מִיט דֵיינֶען פַאטֶער! (אומאַרמינג) אִיךְ אַבֶּער אִיךְ צִיעהֶע נִיכְט נָאךְ מֵיינֶער הֵיימַאט וִויעדֶער, מֵיינֶע פֶערְזִישֶׁע זִיעגֶעסְפַאהְנֶע דִיא ווִירְד בַּאלְד גֶעזֶעהֶען וֶוערְדֶען אוֹיף דִיא מוֹיעֶרֶען פָאן אֵייעֶר הוֹיפְּט-שְׁטַאדְט, פָארְוֶוערְטְס נַאךְ יְרוּשָׁלַיִם אַבְנֵר אוּנְד רַאבֶע. (בּעשטייגען דיא בריקע)

**אבנר:** אוּנְד דַאהִין גֶעהְן אוֹיךְ וִויר, קְרַאפְט גֶענוּג פִיהְל אִיךְ נָאךְ אִין מֵיינֶע אַדֶערְן, מוּטְה אִין מֵיינֶער זֶעעלֶע, מֵיינֶע צְוֵייא אוֹיגֶען זֵייט אִיהְר בֵּיידֶע מֵיינֶע קִינְדֶער, קָאמְט פִיהְרְט מִיךְ נַאךְ יְרוּשָׁלַיִם!

**שלומית:** פַאטֶער הַאסְט דוּא דֶען פֶערְגֶעסֶּען דַאס דִיךְ עֶרְוַוארְטֶעט דָארְט דֶער טָאדְט?

**אבנר:** אַבְנֵר אוּנְד רַאבֶע שְׁרֵייעֶן אוּנְזֶערֶע פֵיינְדֶע, אִין מֵיינֶעם נַאמֶען גֶעהֶען זִיא דַאס פַאטֶערְלַאנְד פֶערְווִיסְטֶען, מֵיין נַאמֶען ווִירְד צוּם פְלוּךְ וֶוערְדֶען בֵּייא יֶעדֶען בִּירְגֶער, בֵּייא יֶעדֶען קְרִיעגֶער, יֶעטְצְט עֶרְשְׁט וֶוערְדֶען מֵיינֶע פֵיינְדֶע טְרִיאוּמְפְפִיהְרֶען אוּנְד מֵיינֶע שׁוּלְד בֶּעווֵייזֶען, נֵיין וִויא אֵיין טָאדְטֶער דֶעם גְרַאבּ עֶנְטְשְׁטִיעגֶען ווִיל אִיךְ פְּלֶעטְצְלִיךְ אוֹיפְטוֹיכֶען אִין דֶער מִיטֶע פָאן מֵיינֶע טְרֵייעֶ סָאלְדַאטֶען פִיר דַאס פַאטֶערְלַאנְד, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא מֵיינִיגֶע וִויל אִיךְ גֶערְנֶע פִינְדֶען מֵיינֶען טָאדְט.

**ביידע:** אוּנְד וִויר דֵיינֶע קִינְדֶער צוּזַאמֶען מִיט אִיהְרֶעם פַאטֶער.

**פערזוער:** אַבְנֵר אוּנְד רַאבֶע.

**ארע:** אַבְנֵר אוּנְד פַאטֶערְלַאנְד. (אַלע אב)



## פֶּערְוַואנְדְלוּנְג.

(גארטען, אויפטריט מילכה)

**מילכה:** פֶּרֶצְ'ל... פֶּרֶצְ'ל... פֶּרֶצְ'נְיוּא!... וִויא זָאל עֶר זַיין?... זַייט דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט וִויא גוּט אוּנ פְּרוּם מַיין פֶּרֶצְ'ל אִיז, וִויא עֶהְרְלִיךְ, וִויא גֶעטְרַייא, הָאט עֶר אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין זַיין קֶענִיגְלִיכֶע וַואכֶע, אוּנ אִיךְ... וַויים אִיךְ? אַז אִיךְ וִויל פְּרֵייט עֶם מִיךְ וָואס מַיין פֶּרֶצְ'ל וַואקְסְט אַלֶע מָאל הֶעכֶער, אוּנ אַז אִיךְ וִויל פְּרֵייט עֶם מִיךְ נִישְׁט, וַוייל אִיךְ קֶען אִיהְם יֶעטְצְט וֶועלְטֶען אַזוֹי וֶועהְן, (דראמעל געשלעגע) אוֹי אָט גֶעהְט עֶר! עֶ־ קוּמְט אָן! וִויא אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, וִויא שְׁטָאלְץ, טַאקִי אַזוֹי וִויא אַ גִבּוֹר דַארְף גֶעהְן, אוֹי גָאטֶענְיוּא וֶוען וֶועל אִיךְ שׁוֹין אַמָאל וֶוערֶען זַיין גִבּוֹרְ'טֶע.

(אויפטריט פרץ, וואכע, אויסגעצויגען מיט דעם זעבעל)

**מילכה:** פֶּרֶצְ'ל!

**פרץ:** (ווינקט איהר אויס דעם וועג צו געהן) אִי נוּא! (מארשיערט ווייטער)

**מילכה:** פֶּרֶצְ'ל! קוּק אִיךְ בִּין עֶס.

**פרץ:** אִי נוּא מַפְסִיק! (אַב)

**מילכה:** וָואס הֵייסְט דָאס? עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען הָאט עֶר מִיךְ גֶעקִישְׁט אוּנ הַיינְט וִויל עֶר מִיךְ שׁוֹין נִיט אָנְקוּקֶען!

(אויפטריט פרץ, וואכע, פון דער אנדערער זייטע)

**מילכה:** אָבֶּער פֶּרֶץ!

**פרץ:** (־עוערט זיך) יְהוּדִי בְּלֹא! (אַב)

**מילכה:** וָואס הֵייסְט דָאס? (קוקט אַרויס) אָה עֶר הָאט זִיךְ דָאךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶועזֶען עֶר קוּמְט! (שטעהט ברוגז)

**פרץ:** נוּא מִילְכָּה'לֶע וָואס נָאךְ שְׁטֶעהְסְט דוּא פוּן וַוייטֶען? קוּם אַהֶער.

**מילכה:** יְהוּדִי בְּלֹא!

**פרץ:** מֵילָא בִּשְׁלוֹמָא אִיךְ, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן דִיא עֲבוֹדָה הָאבּ אִיךְ נִישְׁט גֶעטָארְט מַפְסִיק זַיין, אָבֶּער וָואס פַאר אַ רֶעכְט הָאסְט דוּא צוּ יְהוּדִי בְּלֹא'קֶען?

מילכה: האָסט נישט געטאָרט מַפְסִיק זיין? דערפַאר?

פרץ: געווים דערפַאר.

מילכה: אויב אַזוי! (שטעלט אויף די ליפען)

(אויפטריט חנוך)

חנוך: אוי.

ביידע: (ערשראָקען) חֲנוך?

חנוך: (וויינט) חֲנוך!

מילכה: דוא וויינסט?

פרץ: וואָס איז דיר?

חנוך: איך בין אומגליקליך, איך בין פערליעבט.

פרץ: וואָס פארליעבט האָסט דוא געזאָגט? פארליעבט מיט וואָס פאר א רעבט?

חנוך: (ערשראָקען) וואָ... וואָס איז דאָס פאר א שאלה? דוא מעגסט, איך טאָר נישט?

מילכה: פרעצ'ל גאָט איז מיט דיר!

פרץ: מילכה'לע דעם אמת האָט ער דיר געמאַכט ליעבעס ערקלערונג דאָן? (ציהט דען זעבעל)

חנוך: (ערשראָקען) אוי וועה איז מיר! האַלט דיך איין, איך מיין דען זיא?

פרץ: נישט זיא? דוא זאָלסט לעבען בלייבען! (שטעקט איין די שווערד)

חנוך: אוי א טהייערע מציאה!

מילכה: און ווער דען איז דיין מציאה?

חנוך: מיינע? אפילו דוא אַליין וועסט אויך מודה זיין אז זיא איז מעהר מציאה פון דיר.

מילכה: ווער איז זיא?

פרץ: וואָס איז זיא?

חנוך: וויא איז זיא?

מילכה: וואָס? דוא ווייסט גאָר נישט וויא זיא איזט?

חנוך: שיער האָב איך געמיינט אַט האָב איך זיא אין מיטען דרינגען (פאטש מיט די הענד) קורוקוא אַוועק געפלויגען נישט דא.

פרץ: און אויך זאָ איינע זאָגסט דוא אַז זיא איז מעהר מציאה פון מיין מילכה'לע?

חנוך: גיין גיין פּרֶצ׳ל, וַויא נִיט בּייז אויף אִיהר, רעד נִיט חָלִילָה קֵי
שְׁלֶעכְט וָוארט אויף אִיהר, אִין אֶמֶת׳ן אַרֵיין וָואס אִיז זִיא נֶעבִּיךְ
שוּלְדִיג אַז זִיא וֵוייסְט נָאךְ גָאר אִין גַאנְצֶען נִיט צִי בִּין אִיךְ אִין אִיהְר
פֶערְלִיעבְּט.

ביידע: וָואס?

חנוך: אֶט דָאס אִיז דָאךְ מַיין אוּמְגְלִיק, אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְלָאזְט אויף
אַנְטִיגְנוֹס׳ן עֶר זָאל זַיין מַיין שַׁדְכָן, הַלְוַואי וָואלְט עֶר גֶעוֶוען דֶעם קָאפּ
צֶערְבְּרָאכֶען אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערְקֶענְט.

פרין: אַנְטִיגְנוֹס? בִּיזְט דוּא נִישְׁט מֶעהְר זַיין שְׁרַייבֶּער?

חנוך: (ערשראָקען) אִיךְ... אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעשְׁרִיעבֶּען... אִיךְ ווי...
פוּן גָאר נִישְׁט... אִיךְ בִּין גָאר נִישְׁט שוּלְדִיג.

פרין: וָואס נִישְׁט שוּלְדִיג? וָואס הָאסְט דוּא דִיךְ אַזוֹי עֶרְשְׁרָאקֶען?

חנוך: אִיךְ... אִיךְ... אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִישְׁט דֶערְשְׁרָאקֶען... וָואס הָאבּ
אִיךְ מִיךְ צוּ שְׁרֶעקֶען... אַז–אַז זִיא הָאט גֶעשְׁוָואהְרֶען אַז זַייא וֶועלֶען
אַזוֹי וִויא זַייא וֶועלֶען הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זָאגְט זִיא אַזוֹי. וִויא זַייא וֶועלֶען
גֶעוֶוען וֶועלֶען זַייא אוּנ אוּנ שׁוֹין, וָואס ווייס אִיךְ?

מילכה: פֶּרֶצ׳ל עֶר וֵוייסְט פוּן עֶפֶּיס.

פרין: הָאסְט רֶעכְט, חֶנוֹךְ וִויא לַאנְג בִּיזְט דוּא גֶעוֶוען בַּייא אַנְטִיגְנוֹס?

חנוך: אַזוֹי לַאנְג זָאל עֶר לִיעגֶען אוּנ קְרֶענְקֶען אִין אֵיין זַייט אוּנ דֶערְנָאךְ
זָאל עֶר זִיךְ אִיבֶּערְקֶעהְרֶען אויף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט אוּנ וַוייטֶער
קְרֶענְקֶען, אוֹי דוּרְךְ אִיהְם בִּין אִיךְ אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ.

פרין: פַאר וָואס דוּרְךְ אִיהְם?

חנוך: וַוייל עֶר הָאט פֶערְאוּמְגְלִיקְט אַבְנֵר׳ן.

פרין: וָואס גֶעהְט דִיךְ אָן אַבְנֵר?

חנוך: וַוייל מִיט אַבְנֵר אִיז דָאךְ אַבְנֵר׳ס טָאכְטֶער אויךְ אַוֶועק.

פרין: וָואס גֶעהְט דִיךְ אָן אַבְנֵר׳ס טָאכְטֶער?

חנוך: הֶערְסְט דוּא? זִיא אִיז דָאךְ מַיין גֶעלִיעבְּטֶע.

ביידע: וֶוער? הַ הַ הַ הַ!

פרין: הַ הַ הַ הַ! אַבְנֵר׳ס טָאכְטֶער? הַ הַ הַ הַ!

מילכה: הַ הַ הַ הַ! שְׁלוֹמִית? הַ הַ הַ הַ!

חנוך: הַ הַ הַ הַ! פַאר וָואס לַאכְט אִיהְר? הַ הַ הַ הַ!

פּרין: אוי מיינע קישקעס! חַ חַ חַ חַ!

מילכה אוי מיינע זייטען! חַ חַ חַ חַ!

חנוך: אוי מיינע געהירען! חַ חַ חַ חַ! פאר וואס לאַכט איהר?

(אויפטריט אנטיגנוס)

אנטיגנוס: וואס איזט היער? (זייא בעמערקען איהם ניט ער ווירד הינגעריסע אונד לאכט מיט זא לאנגע ביז טראמפעטענשאל אלע לויפען אב, קעניג געפיהרט פאן 2 סאלדאטען).

אנטיגנוס: מיין הערר אונד קעניג!

קעניג: וואס ווילסט דוא וויעדער, בין איך דען פערארטהיילט דיר איבעראל צו בעגעגנען? דוא וועלכער האסט דיא וועלט געצייגט וויא מאכטלאז איין קעניג איזט ווען ער איזט ניכט גענוג פארזיכטיג אי דער וואהל פאן זיינע ווארטע, דוא וועלכער האסט פערשטאנדען דין דעם שטראפגעריכט צו ענטציעהען אבוואהל דוא האסט געגען מיי ווילען געהאנדעלט, דוא ביזט דיא אורזאכע מיינער קראנקהיים פערלאס מיך, פיעלייכט ווערדע איך דאך איינמאל ערלעזט פאן דעם קוועהלענדען צווייפעל אין מיינעם הערצען.

אנטיגנוס: דאס עבען איזט דיא אורזאכע פאן מיינעם יעטצטיגען קאמע צו דיר מיין הערר אונד קעניג, יעדער הויך פאן צווייפעל דער דין קוועהלט אונד ענגסטיגט זאל ענדליך גאנץ פערשווינדען, אה מיי קעניג, ערשט יעטצט איזט עס קלאהר בעוויעזען דאס דוא האסט דע פערדעטער אבער מיט רעכט פאן דיר פעריאגט, אונד אויך איך, אי דארף יעטצט מיינע הענדע ריין צום הימעל אויפהעבען, דיעזע טו הענדע וועלכע האבען דען פעררעטער געבלענדעט! הערע קעניג, איינע אונגעהייערע גראסע צאהל פאן פערזער זינד אין אונזע לאנד איינגעדרונגען, אום איהר היימאטה געראפען האט זייא יענע יונגלינג וועלכער אבער דאמאלס אין זיין הויז אויפגענאמע „אבנר ראבע“ זא שרייען דיא פיינדע איבעראל וואהין זיי קאמען שטעדטע אונד דערפער פערוויסטענד, רויבענד אונד מארדענד

קעניג: שפריכסט דוא וואהר אנטיגנוס?

אנטיגנוס: שיקע באטען איבעראל הין אונד איבערצייגע דיך פאן דעס טרויריגער וואהרהייט.

קעניג: אונד ער אַליין? וואו איזט ער? צוזאַמען מיט דיא בּיינדע?

אנטיגנוס: וואצו דען שרייען זייא אַבנער אונד ראַבע ווען ער אַליין ווערע ניכט אין איהרע מיטע?

קעניג: גאָט איך דאַנקע דיר! וויא פורכטבּאַר געדריקט האט מיך דער פּלאַן דער אונוויסענהייט! בּאַלד האב איך געפלוכט מיינע בּאַרמ-הערציגקייט וועלכע האט איהם דאס לעבען געשענקט, בּאַלד מיינע שטרענגע וועלכע האט איהם פערבּאנט, בּאַלד וואָלטע איך דיא האנד בעשטראפען וועלכע האט איהם געבּלענדעט, בּאַלד ווידער דיזע האנד בעלאָהנען. דאַנק זייא דעם הימעל דאס איך זעה ענדליך דאס הערץ פאן דעם פערדרעטער אָפען, זיינע פאלשהייט ליעגט יעטצט קלאָהר פאר מיינע אויגען, יעטצט ענדליך האבּע איך געוויסהייט אונד דיזע האנד וועלכע האט איהם זיינע אויגענליכט אויסגעלאָשען דיזע האנד וויל איך יעטצט בּעלאָהנען! אַנטיגנוס מיין פריינד, פאן דיזען אויגענבּליק אן ערקלערע איך דיך אַלס מיין העער פיהרער! וועהלע דיר זעלבּסט איינע צאהל פאן אונזערע העלדען אונד פיהרע זיא דען פיינד ענטגעגען.

אנטיגנוס: מיין קעניג ווירד זיך בּאַלד איבּערצייגען דאס זיין טרייער דיענער אַנטיגנוס איזט ווירדיג דיזעם האָהען ראַנגעס.

(אויפטריט פרץ)

פרץ: מיין קעניג!

קעניג: וואס ווילסט דוא?

פרץ: אַבנער'ס פרויא איזבעל.

קעניג: איזבעל?

אנטיגנוס: (אפארט) וואס קאַן זיא וואָלען? לאַס זיא ניכט פאר מיין קעניג.

קעניג: ווארום דען? (צו פרץ) איך וויל זיא הערען.

פרץ: א שענער תּכלית איז פון איהר געוואָרען. (אַב)

אנטיגנוס: מיין הערר אונד קעניג, אין דיזער שטונדע דער געפאהר אונד זארגען זאל דיך איין וועיב אונטערבּרעכען? זיא קענטע פיעלייכט דיין צווייפעלס קוואַהל ערנייערען, יעטצט נאַכדעם שאָן אַלעס קלאַהר בעוויזען איזט.

(אויפּט. יט מילכה)

מילכה: גאָט ערבּאַרמע דיך.

קעניג: וואַרום ווייִנסט דוא?

מילכה: אַך מיין גוטער קעניג, איך בּעווייִנע מיינע געוועזענע הערין דיא שעהנסטע פאָן אַלע פרויען, זעהט וואַס אוים איהר איזט געוואָרען?

(אויפּטריט איזבל אין שווארצען צעריסען, האאר אויפגעלעזט)

איזבל: וואַרום בּליקט איהר מיך זאָ ערשראָקען אַן? מיין פינסטערער בּליק דער קאַן יאַ יעמאַנדעם עטוואַס צו ליידען טהוען, דאַס היער זינד מיינע אויפגעלעזטע לאָקען אַבּער קיינע שלאַנגען, דאַס היער דיעזע בּרענענדע צייכען אויף מיינער שטירנע, דאַס איזט עס וואַס איינען יעדען ציטערען מאַכט, זעהט איהר וואַס אויף מיינער שטירנע געשריעבּען שטעהט? קענט איהר לעזען? לעזט עס מיט פייערינע בּוכשטאַבּען, גליהען דאָרט אַלע מיינע פערבּרעכען, פערראַט אַן דען מאַן! פערראַט אַן דעם קעניג! פאַלשעס צייגניס, פאַלשער שוואור, לוג, בּעטרוג אונד מאָרד, אונד דיעזע אַלע פערבּרעכען ווערפען מיך יעטצט ניעדער פאַר דיינע פיסע מיין קעניג. (קניעט)

קעניג: ווייבּ וואַס איזט דיר? שפּריך, וואַס האַסט דוא געטהאַן? וואַר עס ניכט וואַהרהייט וואַס דיין מונד האט דאַמאַלס געשוואָהרען?

אנטיגנוס: מיין קעניג! זיא איזט יאַ וואַהנזיניג! הערע זיא ניכט אַן מיין הערר אונד קעניג, דוא זיעהסט יאַ דאַס זיא האַט איהרען פערשטאַנד פערלאָרען.

איזבל: (ריכטעט זיך אויף) מיינען פערשטאַנד האַבּע איך דאַמאַלס פערלאָרען וואַן דוא וואַרסט מיין בּלוטיגער ראַטהגעבּער!

קעניג: רעדע ווייבּ, רעדע אַבנר'ס פערבּרעכען.

איזבל: וואַר איינע ליעגע.

קעניג: אונד זיינע בּריעפע?

איזבל: זינד פערפעלשט פאָן דיעזען שורקען!

קעניג: אונגליקליכע! נור אויף דיינעם צייגניס האַבּען איהם זיינע ריכטער פעראורטיילט.

איזבל: איך ווייס עס, איך בּין יאַ ניכט געקאָממען דיך אום גנאַדע צו בּעטען, גערעכטיגקייט נור איזט עס וואַס איך בּעגערע! בּעשטראַפע

מִיךְ, צֶערְטְרֶעטֶע אוּנְד צֶערְשְׁטֶערֶע מִיךְ עֶלֶענְדֶע, זָא וִויא אִיךְ הַאבּ אִיהְם דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען צֶערְשְׁטֶערְט! דֶער בְּלִיטְץ פָאן דֵיינֶעם צָארְן זָאל אוֹיךְ דִיעזֶען שׁוּפְט פֶערְצֶעהְרֶען! דַאס שְׁוֶוערְד פָאן דֵיינֶער רַאכֶע זָאל אוּנְז בֵּיידֶע פֶערְנִיכְטֶען, וִויר בֵּיידֶע זִינְד יַא נִיכְט אֵיין אוֹגֶע וֶוערְטְה דַאס עֶר דוּרְךְ דִיעזֶען מֶערְדֶער פֶערְלָארֶען הַאט, אַבֶּער דֶער רַאכֶע גֵייסְט פָאן דֶעם פֶערְטְרִיעבֶּענֶען אַבְנֵר דֶער רוּהְט נִיכְט, זֵייט יֶענֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען טַאג צֶעהְרְט עֶר לַאנְגְזַאם אַן מֵיינֶעם הֶערְצֶען, זוֹיגְט מִיר דַאס בְּלוּט אוֹיס מֵיינֶע אַדֶערְן, וַואס אִיךְ גֶענִיעסֶע אִיזְט גִיפְט, טְרִיעבּ אוּנְד דוּנְקֶעל אִיזְט מִיר דַאס לִיכְט פָאן דֶעם טַאג, אוּנְד דִיא נַאכְט פֵיינִיגְט מִיךְ מִיט פוּרְכְטְבַּארֶע טְרֵיימֶע, דִיעזֶע נַאכְט הַאבּ אִיךְ אִיהְם ווִיעדֶער אִין מֵיינֶעם טְרוֹים גֶעזֶעהֶען אַבֶּער הֶערְט!... אַן זֵיינֶעם הֶערְצֶען אִיזְט אֵיין קִינְד גֶעלֶעגֶען, אֵיין קִינְד אִין וֶועלְכֶעם אִיךְ הַאבּ מֵיין זָאהְן עֶרְקֶענְט, אוּנְד מִיט לִיעבֶּע פָאלֶע טְרֶעהְנֶען הַאט אִיהְם דַאס קִינְד גֶע־וּפֶען פַאטֶער, וֶועהְרֶענְד אִיךְ... אִיךְ בִּין אֵיינְזַאם, זָאגַאר מֵיינֶע אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער הַאט מִיךְ אוֹיךְ פֶערְלַאסֶען, אַלֶעס מֵיידֶעט מִיךְ... אַלֶעס עֶנְטְפְלִיהְט פָאן מִיר... מֶען צֵייגְט נוּר מִיט דִיא פִינְגֶער... וֵוייכְט אִיהְר אוֹיס דֶעם וֶועג דִיעזֶער נָאט פֶערְפְלוּכְטֶע אִשָּׁה רָעָה! אִשָּׁה רָעָה! (זיא וואנקט צום פֿאלע, פרץ מילכה האפען זיא אונד פיהרען זיא אַב)

קֶעניג: נוּן אַנְטִיגְנוּס וַואס זַאגְסְט דוּא יֶעטְצְט?

אנטיגנוס: יַא גִיפְטִיג אִיזְט דֶער פְּפֵייל וֶועלְכֶען זִיא הַאט לָאז גֶעדְרִיקְט דָאךְ מֵיינֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶען קָאפְּף קֶען עֶר נִיכְט טְרֶעפֶען, דֶען דַאמַאלְס הַאט זִיא וַואהְרְהֵייט גֶעשְׁפְּרָאכֶען, יֶעטְצְט, יֶעטְצְט אַבֶּער, יֶעטְצְט זַאגְט זִיא אֵיינֶע לִיגֶע, דוּרְךְ אִיהְר צֵייגְנִיס דַאמַאלְס הַאט זִיא פֶערְלָארֶען אִיהְר מַאן, אִיהְרֶע טָאכְטֶער, עֶהְרֶע, גְלַאנְץ, אוּנְד דַאס בֶּערֵייעֶט זִיא יֶעטְצְט.

(אויפטריט פרץ, מילכה)

פרץ: אִיךְ שְׁרַייא גֶעוַואלְד, אִיךְ קֶען עֶס נִיט מֶעהְר אוֹיסְהַאלְטֶען, אִיךְ שְׁפְּרִינְג אוֹיס דֶער הוֹיט, אִיךְ פְּלַאטְץ, אִיךְ עֶקְסְפְּלָאדִיעֶר, קֶענִיג! טְהַייעֶרֶער קֶענִיג, לִיעבֶּער קֶענִיג, אוּנ וֶוען עֶס זָאל מִיךְ אוֹיךְ מַיין לֶעבֶּען קָאסְטֶען עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער מוּזְט דוּא מִיךְ אוֹיסְהֶערֶען.

קעניג: שפּריך!

פּרץ: אָבער דער תּכשיט דאַרף עס ניט הערען, נור אויף א האַלבער מינוט... באָרג מיר איינם פון דיינע גנעדיגע אויערען.

קעניג: קאָם הער. (קניעט, פליסטערט איהם אינם אויער)

אנטיגנוס: (אפּארט) וואַס קענטע דיזער עזעל עטוואַס וויסען, אך! וואַס אנטיגנוס נור קיין מוטה פערליערען.

קעניג: גוט! געה!

מלכה: פּערצ׳ל!

פּרץ: יהודי בלא. (אב)

קעניג: אנטיגנוס דוא זיעהסט איך האַב דיך רוהיג אויסגעהערט ווייל דוא האַסט פערשטענדיג געשפּראָכען.

אנטיגנוס: דיא וואַהרהייט מיין קעניג.

קעניג: דאָך אנטיגנוס גלייך ווירד נאָך איין צייגע ערשיינען וועלכען איך וויל אויסהערען, דוא אַבער מוזט בלייבען שטום אונד אָהנע רעגונג שטעהן, שפּריכסט דוא אַבער איין וואָרט אָדער גיעבסט דוא איהם איינען ווינק זאָ ווירסט, דוא פאָן דעם זעלבען שיקזאַל געטראָפען וויא אַבנר׳ם בלינדהייט אונד פערבאַנונג.

אנטיגנוס: מיין הערר אונד קעניג.

קעניג: פּירכטע ניכטס מיין פריינד, דיך ווירד יא שיטצען דיינע אונשולד.

(אויפטריט חנוך געפיהרט פון פּרץ)

קעניג: וויא איזט דיין נאַמען?

חנוך: (קניעט ציטערנד) חַ חַ חנוך

קעניג: וואַס נאָך?

חנוך: איך האַב ניט מעהר.

קעניג: וואַרום וויינסט דוא?

חנוך: ווייל איך בין אומגליקליך.

קעניג: אין וואַס בעשטעהט דיין אונגליק?

חנוך: איך בין פערליעבט.

קעניג: (בליקט אויף אנטיגנוס, אפּארט) ווערע עס מעגליך דאַס זאָ איינער מיטשולדיגער ווערע? חנוך! איך האַבע געהערט דאַס דוא בעזיטצט איינע בעזאָנדערע פעהיגקייט אין דער שרייב קונסט!

הנוך : וָוא וָואס וְשֶׁע בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג ? פְּ... פוּן וַואנֶען קֶען אִיךְ וִויסֶען אַז אַנְדֶערֶע וֶועלֶען וִויסֶען אַז וָואס מֶען דַארְף נִיט וִויסֶען, וֶועסְט דוּא וִויסֶען אַז אִיךְ וֵויים פוּן נִישְׁט צוּ וִויסֶען. (שלאגט זיך אין די הענד) נַא נַא נַא נַא.

קעניג : חֵנוֹךְ פִּירְכְטֶע נִיכְטְס, הֶערֶע וַואס דֵיין קֶענִיג דִיר זַאגְט, ענְטְדֶעקְסְט דוּא מִיר דִיא גַאנְצֶע וַואהְרְהֵייט דַאן עֶנְטְלַאסֶע אִיךְ דִיךְ גַאנְץ אוּנְ־בֶּעשְׁטְרַאפְט.

הנוך : (שפרינגט אויף פרעהליך) אוֹיבּ אַזוֹי מַזָל מִיט בְּרָכָה! הָאבּ אִיךְ נִישְׁט אַבְנֵר'ס טָאכְטֶער זָאל עֶר אוֹיךְ נִישְׁט הָאבֶּען אַבְנֵר'ס שְׁטֶעלֶע, אַ מַכָּה מִיט פֶּעפֶער.

קעניג : אַבְנֵר'ס שְׁטֶעלֶע אַבְנֵר'ס טָאכְטֶער ?

הנוך : יָא טְהַייעֶרער קֶענִיג, מִיר בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ בֶּעדִינְגֶען מִיר זָאלֶען אַבְנֵר'ן יַרְשֶׁנֶען בַּיים לֶעבֶּען עֶר זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ אִיךְ זַיין טָאכְטֶער.

קעניג : עֶרְצֶעהְלֶע דֵייטְלִיךְ.

הנוך : (וויינענד) אִיךְ בִּין אַ מֶענְשׁ מִיט אַיין אָפֶען הַארְץ, אִיז מִיר שְׁלוֹמִית אַבְנֵר'ס טָאכְטֶער אַקֶעגֶען גֶעקוּמֶען אוּנ זִיא הָאט גֶעזֶעהֶן דָאס הַארְץ אִיז אָפֶען אִיז זִיא מִיר אַרַיין גֶעפְלוֹיגֶען אִין הַארְץ אַרַיין, בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ, עֶר הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט קוּמְט עֶר צוּ מִיר מִיט אַ פַּאק בְּרִיעף גֶעשְׁרִיעבֶּען פוּן אַבְנֵר'ן צוּ זַיין כְּרוֹיא.

קעניג : אוּנְד וַואס וַואר דָארְט גֶעשְׁרִיעבֶּען ?

הנוך : פוּן זַיין בֶּענְגֶענִישׁ, פוּן זַיין לִיעבֶּענִישׁ, פוּן זַיין בַּאלְד אַהֵיים קוּמֶענִישׁ אוּנ נָאךְ אוּנ נָאךְ לוֹיטֶער גוּטֶע זַאכֶען, זָאגְט עֶר מִיר אַזוֹי, חֵנוֹךְ! דוּא הָאסְט אַ גְרִינְגֶע הַאנְד קוּק דִיךְ גוּט צוּ צוּ דִיעזֶער הַאנְדְשְׁרִיפְט, מָאהְל זִיא נָאךְ אוּנ שְׁרַייבּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר הֵייסֶען אוּנ עֶס וֶועט שׁוֹין זַיין רֶעכְט! וָואס זָאל אִיךְ וִויסֶען? אֱמֶת טַאקִי אִיךְ הָאבּ אַ גְרִינְגֶע הַאנְד דֶערְפַאר אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אַ פֶּערְשְׁטָאפְּטֶען קָאפְּף אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט וָואס עֶר זָאגְט אִיז תּוֹרַת לָאקְשֶׁען, הָאט עֶר פָארְגֶעזָאגְט אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעבֶּען, אוּנ דִיא בְּרִיעף הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אַ פָּנִים זָאל אִיהְם אַזוֹי זַיין דָאס מַזָל, אָט הָאבּ אִיךְ דִיר דֶערְצֶעהְלְט דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת לִיעבֶּער קֶענִיג אוּנ פְרֶעג אִיהְם, הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִישְׁט... אָה! אַ יָא עֶס הָאט דִיר אָבְּגֶענוּמֶען דָאס לָשׁוֹן? אַ יָא דוּא בִּיזְט גֶעבְּלִיעבֶּען וויא אַ גוֹלֶם?

**קעניג:** נון אַנטיגנוס האָסט געהערט?

**אנטיגנוס:** יאַ! דאָך ווען טויזענדער ציינגען זאָלען רופען אַבנר איזט אונשולדיג איך אַבער בין איבערצייגט דאס ער איזט איין פערברעכער.

**קעניג:** פערשטימע! פלוך ווירדיגער פערלוימדער! גיפטיגע שלאַנגע, אָה ווען איך יעטצט קיין קעניג ווערע זאָ מעכטע איך דיין הענקער זיין, מיט אייגענע הענדע מעכטע איך דיך ערווירגען אונד אין דיא עוויגע העלע שיקען, פאָרט מיט איהם אין פינסטערען קערקער ביז זיינע פערדיענטע שטראַפע ווירד איהם טרעפען! (אַלע פיהרען איהם וועק, פרץ מילכה קומען צוריק) לאָסט דורך דאס גאַנצע לאַנד זיינע אונשולד פערקינדען, ברענגט מיר דען טרייען פריינד צוריק, זאָגט איהם דער קעניג וויל איהם זיינע קראָנע וועקגעבען!

(אויפטריט שלומית)

**שלומית:** נאָך דיא קראָנע וואַר ניע זיין פערלאַנגען אונד יעטצט נאָך פיעל וועניגער.

**קעניג:** קנאַבע ווער ביזט דוא?

**שלומית:** ערקענט דער קעניג ניכט מעהר אבנר'ס טאָכטער?

**קעניג:** שלומית?

**ביידע:** (וויינענדיג) שלומיתל? טהייערע שלומיתל, גוטע שלומיתל.

**קעניג:** דוא דער איינציגע פאָן אַלע וועזען וועלכע האט דעם פערטריע־בענען ניע פערלאַסען? אונד ער וויא איזט מיין טהייערער פריינד?

**פרץ:** דער גוטער פרומער אבנר, וויא איז ער?

**שלומית:** אַן דער שפיטצע פאָן דיינע טרייע קריעגער, אָבוואָהל איהם פעהלט זיין אויגען ליכט דאָך ניט ערלאָשען דאס ליכט זיינעס גייסטעס געפיהרט פאָן זיין נייא ענטדעקטען זאָהן האט ער פלעטצליך אויפגעטויכט אין דער מיטע פאָן זיינע טרופען וועלכע ער האַט איינסט קאָממאַנדירט.

**פרץ:** אוי פאַר וואָס בין איך דאַבייא ניט געוועזען?

**שלומית:** בעגייסטערט וואַרען אַלע בייא זיינער ערשיינונג, אונד אונטער זיינעם קאָממאַנדאָ האַבען זיא דען פיינד פעריאַגט אונד בעזיעגט.

**פרץ:** נוא מיין קעניג וואָס זאָגסט דוא יעטצט?

קעניג: פִיר בְּלִינְדְהֵייט אוּנְד פֶערְבַּאנוּנְג בֶּעצַאהְלְט עֶר מִיר מִיט עֶהְרֶע אוּנְד זִיעג! זָא רֶעכְט זִיךְ אֵיין פְרָאמֶער הֶעלְד, אַבֶּער וָוא אִיזְט עָר יֶעטְצְט?

שלומית: עֶר עֶרְוַוארְטֶעט פָאן דֵיינֶער הַאנְד דֶען טָאדְט.

ביידע: דֶען טָאדְט?

פרץ: פַאר וָואס נֶעבִּיךְ?

שלומית: וֵוייל עֶר אָהְנֶע דֵיינֶע עֶרְלוֹיבְּנִיס דִיעזֶען בָּאדֶען ווִיעדֶער בֶּעטְרֶעטֶען הַאט.

קעניג: עֶר וֵוייסְט נָאךְ נִיכְט דַאס זַיינֶע אוּנְשׁוּלְד הַאט זִיךְ בֶּעווִיעזֶען זָא קְלַאהְר ווִיא דִיא זָאנֶע?

שלומית: וַואס הֶער אִיךְ?

פרץ: יָא שְׁלוֹמִיתְ'ל אוּנְשׁוּלְדִיג ווִיא אַ מַלְאָךְ.

מילכה: דֵיינֶע מוּטֶער הַאט אַלֶעס עֶנְטְדֶעקְט.

שלומית: מֵיינֶע מוּטֶער? אִיךְ צִיטֶערֶע בַּייא דֶער פְרַאגֶע וֶוענֶען דֶעם שִׁיקְזַאל מֵיינֶער מוּטֶער.

קעניג: פַאר גֶעווִיסֶענְסְבִּיסֶע אִיזְט זִיא גֵייסְטֶעס גֶעשְׁטֶערְט.

שלומית: גָאט מֵיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פֶערְפִיהְרְטֶע מוּטֶער!

קעניג: וַויינֶע נִיכְט טְהֵייעֶרֶעס קִינְד, בַּייא מֵיינֶער קְרָאהְנֶע, אִין אֵייעֶר הויז זָאל בַּאלְד ווִיעדֶערְקֶעהְרֶען גְלַאנְץ, עֶהְרֶע, פֶערְזֶעהְנוּנְג אוּנְד פְרִיעדֶע, אוּנְד וֶוען מֶעגְלִיךְ מֵיינֶעם טְרֵייעֶן פְרֵיינְד ווִיעדֶער זֵיין אוֹיגֶען לִיכְט צוּרִיק גֶעבֶּען.

ביידע: אַה!

קעניג: קָאם פִיהְרֶע מִיךְ צוּ אִיהְם, אוֹיף מֵיינֶע קְנִיע וִויל אִיךְ פַאר אִיהְם דַאנְקֶען אוּנְד יַאמֶערֶען אוּם פֶערְצֵייהוּנְג, קָאמְט קָאמְט אַלֶע. (אַלע אב)

## פֶערְוַואנְדלוּנְג

(פראצעסען אין דעם זעלבען פראכט וויא אין ערשטען אַקט שלום נאר אבנר אונד קעניג קאמען אויף איין עלעפאנד)

(פ אָ ר ה א נ ג).

## ענדע.



# בֵּית דָוִד

## (דֶער שְׁטַאמְם דַאוִידְ'ס)

הִיסְטָארִישֶׁע אָפֶּערֶעטְטֶע אִין 4 אַקְטֶען

פֿאָן

## מ. הָארָאוִויטְ'ן.

מוּזִיק פָּאן א. פֶּערְלְמוּטְטֶער.




פאדגורזע, תרס"ד.

דרוק פֿאן ש. ל. דייטשער.

פערלאג פאן בנימין מונק, ביכהאנדלונג אין לעמבערג.


---

# DER STAMM DAWID'S

Historische Operette in 4 Akten

von **M. Horowitz**, Musik von **Perlmutter.**


Verlag von Benjamin Munk, Buchhandlung in Lemberg.

Druck von S. L. Deutscher, Podgórze bei Krakau

# פֶּערְזָאנֶען:

מַר זוּטְרָא רַבָּא — פירסט איבער דאס יודענטום אין בבל
בַּת שֶׁבַע — זיינע פרוי.
נָתָן — דערען זאהן.
בַּר הוּנָא — מר זוטרא'ס ברודער.
מָרְתָא — זיינע טאכטער.
חֶלֶם }
חֶלְאָה } הירטע דער פירסטערליכען הערדע.
רַבָּן גַּמְלִיאֵל — נשיא פון ירושלים.
הִילְנָא — זיינע טאכטער.
בַּר קַפָּרָא — איין סאלדאט דער פירסטליכען לייבגארדע.

סאלדאטען, פאלק, פערזיאנער, זענגער, טענצער,
געסטע עטצ.



# I. אַקְט.

(פירסטליכער גארטען, רעכטס טהיער מיט שטיעגען אין שלאס). (II. Rit.)

כאָהר: צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען יֶעצְט וֶוענֶען מִיר דָא
אוּנְזֶער גְרוֹיסֶען הֶעלְד
וָואס עֶר אִיז בַּייא אוּנְז גֶעשֶׁעצְט
דוּרְךְ זַיינֶע הֶעלְדֶענְטַאטֶען (ביסס)

דאַמען: הַיילִיגֶע לִיעדֶער וָועלֶען מִיר זִינְגֶען
נָאר אִיהְם יֶעצְט צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען וֶועלֶען מִיר
נָאר עֶר אַלֵיין אִיז בַּייא אוּנְז גֶעשֶׁעצְט
יָא, יָא, יָא. (אַלע אַב). (ביס)

(אויפטריט בת שבע).

בת שיע: דֶער שֶׁענְסְטֶער טָאג מַיינֶעם לֶעבֶּענְס זָאל דֶער הַיינְטִיגֶער טַאג זַיין, אוּנְד שְׁטָאלְץ זָאל אִיךְ זַיין אִיבֶּער דֶען זִיעג וֶועלְכֶען מַיין פִּירְסְטְלִיכֶער גֶעמַאהְל אִיבֶּער דִיא אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע פֶּערְזֶער גֶעוָואנֶען הַאט, אַבֶּער נָאךְ מֶעהְר זָאל זִיךְ דַאס מוּטֶער הֶערְץ פְרֵייעֶן צוּזַאמֶען מִיט דֶעם גְרָאסֶען זִיעג אוֹיךְ אִיהְר אֵיינְצִיגֶען זָאהְן מִיט זַיינֶער פִּירְסְטְלִיכֶען בְּרוֹיט אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם גְלִיקְלִיךְ אוּמְאַרְמֶען צוּ קֶענֶען; אָ צוּפִיעל גְלִיק אוֹיף אֵיינְמַאל — אוּנְד דַאצוּ נָאךְ אוּנְעֶרְוַוארְטֶעט! דַא קָאמְט בַּר הוּנָא דֶער בְּרוּדֶער מֵיינֶעם מַאנֶעם עֶר וַואר דֶער שְׁלִיחַ דִיא בְּרוֹיט אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם הֶערְצוּבְּרֶענְגֶען, עֶר בְּרֶענְגְט מִיר גֶעוִויס דִיא עֶרְשְׁטֶע גוּטֶע בָּאטְשַׁאפְט.

(אויפטריט בר הונא).

בר הונא: שָׁלוֹם וּבְרָכָה דֶער גְרוֹיסֶער פִירְסְטִין פוּן פָּרַס וּמָדַי.

בת שיע: דֶער גוּטֶער שְׁלִיחַ זָאל פוּן גָאט גֶעזֶעגְנֶעט זַיין.

בר הונא: דֶער גוּטֶער שְׁלִיחַ בְּרִינְגְט אוֹיךְ אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה דֶער גְרוֹיסֶער רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָּשִׂיא הָאט גְלַייךְ אִין שִׁידוּךְ אַיינְגֶעווִילִיגְט אוּנ מִיר זַיין טָאכְטֶער דִיא עֶדְלֶע פִירְסְטִין הִילְנָא מִיטְגֶעגֶעבֶּען אִיךְ זָאל זִיא בְּרֶענְגֶען פַאר אַ כַּלָּה קַיין בָּבֶל דֶעם יוּנְגֶען נָתָן בַּר מ״ר זוּטְרָא, אַ גְרוֹיסֶע מַחֲנֶה פוּן יְרוּשָׁלַיְמֶ׳ער הָאט עֶר אוּנְז מִיטְגֶעשִׁיקְט אוּנ מִיר

וֶוענֶען בְּשָׁלוֹם אָנְגֶעקוּמֶען בִּיז אוּנְטֶער דִיא מוֹיֶערְן פוּן מַחְוֶה — אוּנ בַּעֲלוֹת הַשַּׁחַר וֶועל אִיךְ מִיט דֶער כַּלָּה אַרַיין מַארְשִׁירֶען אִין שְׁטָאדְט אַרַיין.

**בַּת שִׁיעַ:** וֶוער וֵוייסְט אָב מֵיין זָאהְן ווִירְד בִּיז מָארְגֶען שׁוֹין אוֹיס גְרֵיבֶּענְלַאנְד הִיעֶר אַנְלַאנְגֶען.

**בַּר הוּנָא:** הָאט אִיהְר דֶען קֵיין בְּרִיעף פוּן אִיהְם וֶוען עֶר אִיז פוּן אַטְהֶען אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען.

**בַּת שִׁיעַ:** נֵיין אָבֶּער מֵיין מַאן שְׁרֵייבְּט מִיר, הִיעֶר אִיזְט דֶער בְּרִיעף! (צייגט איהם דעם בריעף פעלט איין רינג, בר הונא פערשׁאַרט איהם מיט א פּיס).
אִיךְ זָאל פָארְבֶּערֵייט זַיין מֵיינֶען זָאהְן מִיט זַיינֶער בְּרוֹיט צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען.

**בַּר הוּנָא:** נוּן וֶוען עֶר שְׁרַייבְּט עֶס וֵוייסְט עֶר גֶעוִויס וָואס עֶר שְׁרַייבְּט זָא פֶערְלִיעְרְט קֵיינֶע צֵייט אוּנ מַאכְט דִיא פָארְבְּרֵייטוּנְג וִויא עֶר גֶעשְׁרִיעבֶּען הָאט.

**בַּת שִׁיעַ:** גֶעהֶען זִיא יֶעצְט מֵיינֶען מַאנֶע עֶנְטְגֶעגֶען?

**בַּר הוּנָא:** נֵיין, אִיךְ עֶרְוַוארְטֶע אִיהְם הִיער, דֶען אִיךְ בִּין פוּן דֶער רֵייזֶע, זֶעהְר עֶרְמִידֶעט!

**בַּת שִׁיעַ:** זָא עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט מִיר אִיךְ וִויל דִיא פָארְבְּרֵייטוּנְגֶען פִיר דַאס דְרֵייא פַאכֶע פֶעסְט מַאכֶען, אוֹיפְ'ס ווִידֶערְזֶעהֶען אִין פְרֵיידֶען. (אַב).

**בַּר הוּנָא:** אוֹיפְ'ס ווִידֶערְזֶעהֶען אִין פְרֵיידֶען (הויבט אויף דעם רינג) חַ חַ חַ אוֹיפְ'ס ווִידֶערְזֶעהְן אִין צָרוֹת אוּנ לֵיידֶען! זִיא גֶעהְט פָארְבְּרֵייטוּנְגֶען מַאכֶען פִיר אֵיין דְרֵייאפַאכֶען פֶעסְט, אִיךְ דֶענְקֶע זִיא זָאל זִיךְ בֶּעסֶער פָארְבְּרֵייטוּנְגֶען מַאכֶען צוּ אַ דְרֵייאפַאכֶע צָרָה, [illegible] ווִירְד נִיט רוּהֶען בִּיז אַלֶע 3, דֶער פָאטֶער, מוּטֶער אוּנ זָאהְן וֶועלֶען גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען וֶוערֶען אִיךְ דֶער עֶלְטֶעסְטֶער זָאהְן פוּן רֵישׁ גְלוּתָא ר' הוּנָא, הֵיים בַּיים פָאלְק אֵיינְפַאךְ בַּר הוּנָא, אוּנ מֵיין [illegible] בְּרוּדֶער מַר זוּטְרָא הֵייסְט מַר זוּטְרָא רַבָּא אִיז רֵישׁ גְלוּתָא פוּן בָּבֶל; דָאס וַוייבּ וֶועלְכֶע וַואר פָאם פָאטֶער פִיר מִיךְ בֶּעשְׁטִימְט הָאט [illegible] מִיר עֶנְטְרִיסֶען אוּנ יֶעצְט זָאל אִיךְ זָא רוּהִיג צוּזֶעהְן ווִיא בֵּיידֶע לֶעבֶּען זָא גְלִיקְלִיךְ אוּנ פֶערְהֵייראַטֶען זָא גְלִיקְלִיךְ זַייער זָאהְן? אַ נֵיין! דִיעזֶען טַבַּעַת הַמֶּלֶךְ הָאט מַיין בְּרוּדֶער זַיינֶער פְרוֹי צוּרִיק גֶעלַאסֶען, זִיא זָאל דִיא הֶערְשֶׁערִין אוּנ רֶעגִירֶענְדֶע פִירְסְטִין פוּן פָּרַס וּמָדַי זַיין, יֶעצְט הָאט

אִיהְם דֶער אֵל קַנָא וְנוֹקֵם אִין מֵיינֶער הַאנְד אִיבֶּערְגֶעבֶּען אוּנ מִיט אִי־ם וֶועל אִיךְ אַנְפַאנְגֶען פַייעֶר אוּנ פְלַאם אוֹיף בֵּית דָוִד צוּ בְּרֶענְגֶען! בַּיים אֵל שַׁדַי! זֵייעֶר גְלִיק מוּס צֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען!

(אויפּטריט בר קפרא).

נוּן מַיין אֵיינְצִינֶער פְרֵיינְד וָואס אִיזְט גֶעשֶׁעהְן? אוּנ אִיזְט מַיין בֶּעפֶעהְל אוֹיסְגֶעפִיהְרְט?

**בר קַפְּרָא:** פּוּנְקְט וִויא אִיהְר הָאט גֶעהַייסֶען, אַלֶע יְרוּשָׁלַיִמֶ׳ער וָואס הָאבֶּען דִיא פִּירְסְטִין הִילְנָא בֶּעגְלֵייטֶעט זִינְד אוֹיסְגֶעשְׁלַאכְטֶעט, נָאר זִיא אַלֵיין אִיזְט בַּיים לֶעבֶּען גֶעבְּלִיעבֶּען.

**בר הונא:** אוּנְד וָואס הֶערְט זִיךְ מִיט מֵיינֶער טָאכְטֶער.

**בר קַפְּרָא:** זִיא ווירְד צוּר בֶּעשְׁטִימְטֶען שְׁטוּנְדֶע אַם פְּלַאטְץ זֵיין.

**בר הונא:** גוּט יֶעצְט הֶערֶע מַיין פְרֵיינְד, אִיךְ הַאבֶּע דִיר פֶערְשְׁפְּרָאכֶען בֵּייא מֵיינֶען בְּרוּדֶער פַאר דִיר צוּ בֶּעטֶען עֶר זָאל דִיךְ צוּם שַׂר הָאֶלֶף מַאכֶען גֶעה יֶעצְט אַרַיין צוּ דֶער פִּירְסְטֶען עֶרְצֶעהְל אִיהְר אַז שׁוֹין יָאהְר דִיעְנְסְט דוּ אִין דֶער לֵייבְּגַארְדֶע אוּנְד בִּיזְט נָאךְ אֵיינְפַאכֶער סָאלְדַאט, זִיא הַאט אֵיין גוּט הֶערְץ אִיבֶּערְהוֹיפְּט צוּ אַ שֶׁעהְנֶעם יוּנְגֶען סָאלְדַאט, פַאל אִיהְר צוּ דִיא פִּים קִישׁ אִיהְר דִיא הֶענְד, אוּנְד אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז דוּא וֶועסְט בַּייא אִיהְר נוֹשֵׂא חֵן זֵיין, אוּנְד זִיא וֶועט דֵיינֶעם וואוּנְשׁ עֶרְפִילֶען, אָבֶּער דָאס אִיז בַּאלְד גֶעשֶׁעהְן!

**בר קַפְּרָא:** דַיין רַאט אִיזְט אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִיךְ בֶּעפָאלְגֶע אִיהְם זָאפָּארְט. (וויל געהן).

**בר הונא:** וַוארְט נָאר, דוּא זֵייא אִין גָארְטֶען — אוּנְד וֶוען דוּא ווירְסְט הֶערֶען פָּאן מִיר דֶעם נָאמֶען בַּר קַפָּרָא הוֹיךְ אוֹיסְרוּפֶען — דַאן זָאלְסְט דוּא גַאנְץ שְׁטִיל צוּ אִ־הְר אַרַיינְגֶעהְן.

**בר קַפְּרָא:** אִיךְ הַאנְדְלֶע גַאנְץ נַאךְ דֵיין בֶּעפֶעהְל. (אַב). (I. Ritt.)

**בר הונא:** אִיךְ קֶען זִיא, אִיהְר הֶערְץ אִיז גוּט, זִיא וֶועט אִיהְם נִ־שְׁט עֶנְטְזָאגֶען אוּנ פַאר אִיהְם בַּייא אִיהְר מַאן בֶּעטֶען דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט וֶועל אִיךְ בֶּענוּצֶען דִיא אַלְטֶע אֵייפֶערְזוּכְט אִין אִיהְם צוּ עֶרְפְרִישֶׁען, גִ־פְט וֶועל אִיךְ אִין זַיין הֶערְצֶען גִיעסֶען! אוּנ פוּן אִיהְר גוּטְהַקֵייט וֶועל אִיךְ מִיר פְלֶעכְטֶען דֶעם שְׁטְרִיק אַיךְ בֵּיידֶע צוּ עֶרְווִירְגֶען. (אַב) (II Ritt.)

קאהר: מִיט דִיא הַארְפֶען קְלִינְגֶען (בִּיס)
וֶועלֶען מִיר זִינְגֶען פְרֵיילִיךְ
פַאר דֶעם מֶלֶךְ
מִיט דִיא הַארְפֶען קְלִינְגֶען (בִּיס)
טַאנְצֶען שְׁפְּרִינְגֶען הִילֶען זִינְגֶען וֶועלֶען מִיר.

מענער: קָאמְט אָה קָאמְט דֶער גְרָאסֶער הֶעלְד
דִיךְ עֶרְוַוארְטֶען שׁוֹין פוּן לַאנְג
דֵיינֶע דִיעֶנֶער וֶוענֶען מִיר
נָאר דִיךְ שֶׁעצֶען מִיר
דִיךְ עֶרְוַוארְטֶען שׁוֹין פוּן לַאנְג
דִיךְ בֶּעגְרִיסֶען מִיר אַלֶע. (בִּיס)

מר זוטרא רבא: אִיךְ דַאנְקֶע אַיךְ מַיינֶע הֶעלְדֶען
אִיהְר וַייט אַלֶע בַייא מִיר גֶעשֶׁעצְט
אִיךְ ווינְשֶׁע אַייךְ אַלֶע צוּ וֶועהְן גְלִיקְלִיךְ
אוּנְד גְרָאסֶע טַאפְּפֶערֶע הֶעלְדֶען
הָאךְ לֶעבֶּע דֶער שְׁטַאם פוּן בֵּית דָוִד. (בִּיס)

קאהר: דָוִד.

מר זוטרא: מַיין וואוּנְשׁ אִיזְט אַייךְ אַלֶע גְלִיקְלִיךְ צוּ זֶעהֶען.

קאהר: זֶעהֶען.

מר זוטרא: אִיהר זָאלְט נָאר בְּרַאף זַיין (בִּיס)
וֶועט אִיהְר גְלִיקְלִיךְ זַיין,
בֶּעשִׁיטְצֶע גָאט יָא מִיט דֵיינֶע הַאנְד,
דָאס גַאנְצֶע פָאם מֵיינֶען לַאנְד,
בֶּעגְלֵייטֶען זַייא אוֹיף יֶעדֶער שְׁפּוּר,
פָאן דֵיין הָאכְגֶעצֶעלְט,
מִיר דַאנְקֶען אַלֶע עֶווִיג,
טְרֵייא זַיין וֶועלֶען מִיר,
יַא נָאר דִיךְ שֶׁעטְצֶען, (בִּיס)
וֶועלֶען מִיר יָא דָאס שְׁוֶוערֶען מִיר,
בֶּעשִׁיטְצֶע גָאט מִיט דֵיינֶער הַאנְד,
אוּנְזֶער הֶערְשֶׁער פוּן דֶעם לַאנְד, (בִּיס)

גְלִיקֶען זָאל עֶר אוֹיף יֶעדֶען שְׁרִיט,
דָאס ווִינְשֶׁען מִיר אֵייךְ אַלֶע,
מִיט גְלִיק.

**זוטרא:** יֶעצְט מֵיינֶע בְּרַאוֶוע הֶעלְדֶען אוּנְד אוֹיךְ אִיהְר תַּלְמִידֵי חֲכָמִים מִיט אֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן, שְׁוֶועסְטֶער, דִיא הַאלֶען מֵיינֶעס פַּאלַאסְטֶעס שְׁטֶעהֶען אָפֶען, גֶעהְט הִינֵיין, עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען זָאל יֶעדֶער נַאךְ הֶערְצֶענְס-לוּסְט, יֶעדֶער אִיזְט מִיר ווִילְקָאמֶען!

**אלע:** הָאךְ לֶעבֶּע דֶער פִירְסְט פוּן בֵּית דָוִד הָאךְ! הָאךְ!

**בת שיע:** אוֹיךְ אִיךְ מֵיינֶער זֵייטְס לַאדֶע אֵייךְ אַלֶע גֶעסְטֶע אִין מֵיינֶען פַּאלַאסְט אוּנְד הָאפֶע אֵייעֶרֶע ווִינְשֶׁע אוֹיפְ׳ס הֶעכְסְטֶע צוּ עֶרְפִילֶען. קָאמְט דִיא טְהָארֶען זִינְד אָפֶען, (קאהר אב)

**מר זוטרא:** אִיזְט מֵיין בְּרוּדֶער שָׁאן צוּרִיק אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם?

**בת שיע:** יַא, דִיא בְּרוֹיט אִיבֶּערְנַאכְטֶעט פָּאר דֶעם שְׁטַאדְטְטָאהְר אוּנְד מָארְגֶען פְרִיה זָאל דֶער אֵיינְצוּג אִין דִיא שְׁטַאט שְׁטַאטְפִינְדֶען.

**מר זוטרא:** דָא קָאמְט עֶר עֶבֶּען, גֶעהֶע צוּ דֶען גֶעסְטֶען אִיךְ ווִיל אִיהְם עֶמְפְּפַאנְגֶען.

**בת שיע:** אִיךְ הָאפֶע אוֹיף אֵייךְ נִיכְט לַאנְגֶע וַוארְטֶען צוּ מִיסֶען, (אב)

(אויפטריט בר הונא)

**מר זוטרא רבא:** עֶר זִיעהְט מִיר אוֹיס וֶועהְר נִיעדֶערְגֶעשְׁלַאגֶען צוּ זֵיין.

**בר הונא:** ווִילְקָאמֶען פִירְסְטְלִיכֶער בְּרוּדֶער אִים הוֹיזֶע דֵיינֶער פֶעטֶער.

**מר זוטרא:** אִיךְ דַאנְקֶע דִיר לִיעבֶּער בְּרוּדֶער, דָאךְ צֵייגְסְט דוּא וֶועהְר טְרוֹירִיג אוֹיס, הַייטֶע וָוא זִיךְ אַלֶע בַּאבִּילָאנִישֶׁע יוּדֶען אִיבֶּער מֵיינֶען גֶערֶעכְטֶען זִיעג פְרֵייעֶן; אִיזְט פִילֵייכְט דֶער פִירְסְטֶען הִילְנָא וֶועלְכֶע דִיר אַנְפֶערְטְרוֹיט וַואר אֵיין אוּנְגְלִיק גֶעשֶׁעהֶען.

**בר הונא:** נֵיין מֵיינֶע טְרוֹירִיגְקֵייט הַאט אֵיין טִיעפֶעֶרֶען גְרוּנְד, אִיךְ פִינְדֶע דֵיינֶען זִיעג עֶבֶּען ווִיא דֶען זִיעג אֵיינֶער שְׁפִינֶע וַואן זִיא שְׁפִינְט אִיהְרֶען שְׁפִינְגֶעוֶועבּ אוּנְד נִימְט גֶעפַאנְגֶען אֵיינֶע פְלִיעגֶע וֶועהְרֶענְד אִין דֶער זֵייטֶע שְׁטֶעהְט אִיהְר גֶערֶעכְטֶער פֵיינְד דֶער מֶענְשׁ אוּנְד מִיט אֵיין קְלַאפּ פֶערְנִיכְטֶעט עֶר זִיא מִיט אִיהְרֶען שְׁפִינְוֶועבּ; בְּרוּדֶער דֵיין זִיעג אִיז נִיט מֶעהְר ווִיא אֵיין שְׁפִינְוֶועבּ.

מר זוטרא: בר הונא שְׁפְּרִיךְ דֵייטְלִיךְ! בֵּייא דֶער עֶהְרֶע פוּן בֵּית דָוִד אִיךְ וִויל דָאךְ וִויסֶען וַואס דוּא מֵיינְסְט דָאמִיט!

בר הונא: מוּזְט מִיר עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען פִירְסְטְלִיכֶער בְּרוּדֶער אִיךְ לִיעבֶּע דִיךְ פִּיעל מֶעהְר אַלְס אֵיינֶען בְּרוּדֶער, אוּנְד דִיעזֶע גְרָאסֶע לִיעבֶּע צוּ דִיר עֶפְנֶעט מִיר מֵיינֶע אוֹיגֶען אִיךְ זָאל זֶעהְן וַואס אִין דֵיינֶעם הוֹיזֶע פָארְגֶעהְט פִּיעל מֶעהְר אַלְס אִיךְ צוּ זֶעהְן וִוינְשֶׁע.

מר זוטרא: אִיךְ הָאבֶּע בְּרוּדֶער, דָאס דוּא אַן דֶער טְרֵייֶע אוּנְד עֶהְרְלִיכְקֵייט מֵיינֶער פְרוֹיא נִיכְט צְווֵייפֶעלְסְט? אִיךְ הָאבֶּע דָאס דֶער קָאמֶענִיכְטִישֶׁער גֵייסְט אִיהְר הֶערְץ נָאךְ נִיט עֶרְגְרִיפֶען הָאט.

בר הונא: אֶה נֵיין אִין אִיהְרֶע עֶהְרְלִיכְקֵייט צְווֵייפְלֶע אִיךְ גֶעוִויס נִיכְט אַבֶּער אִיךְ בִּין פָאן אִיהְרֶער אוּנֶעהְרְלִיכְקֵייט אִיבֶּערְצֵייגְט, אִיךְ קָאן עֶס מִיט פְּרָאבֶּען בֶּעווייזֶען.

מר זוטרא: אִיהְר אוּנֶעהְרְלִיכְקֵייט מִיט פְּרָאבֶּען בֶּעווייזֶען? בְּרוּדֶער הָאסְט דוּא אִיבֶּערְלֶעגְט וַואס דוּא שְׁפְּרִיכְסְט? אִיךְ וִויל דִיא פְּרָאבֶּען הֶערֶען, זֶעהֶען אוּנְד פְּרִיוֶוען.

בר הונא: דוּא בִּיזְט שָׁאן צוּפִיעל אֵייפְגֶערֶעגְט פֶּערְגִיס נִישְׁט וֶוען דִיא וֶועלְט ווִירְד עֶרְפַאהְרֶען פָאן דֶעם פֶערְבְּרֶעכֶען וַואס אִין דֵיינֶעם הוֹיזֶע פָארְגֶעהְט זָא ווִירְד דֶער גַאנְצֶע שְׁטַאם דָוִד דַאדוּרְךְ בֶּעלֵיידִיגְט, דַאמִיט וַואס דוּא זִיא בֶּעשְׁטְרַאפֶען ווִירְסְט הָאסְט דוּא נָאךְ לַאנְגֶע דִיא שַׁאנְדֶע פָאן דֵיינֶעם הוֹיזֶע נִיכְט בֶּעזֵייטִיגְט — מֵיין רַאטְה וֶוערֶע צוּ שְׁוֵויגֶען דִיא וֶועלְט קֶען נִישְׁט זֶעהְן דִיא פְרֶעמְדֶע קִישׁ אוֹיף דֵיין וַוייבְּס לִיפֶּען וֶוען זִיא עֶרְשֵׁיינְט פַאר זַייא אִין פַּארַאדֶע, דַאס פָאלְק שְׁלֶעפְט גַאנְץ רוּהִיג וֶוען זַייעֶר פִירְסְטֶען אִיזְט וַואךְ אוּנְד גֶענִיעסְט פֶערְבָּאטֶענֶע לוּסְט וִויפִיעל אִיהְר הֶערְץ גְלִיסְט, דַאס פֶערְבְּרֶעכֶען וַואס גֶעהְט פָאר אִין דִיא רֵייכֶע פַּאלֶעסְטֶע דֶעקְט אֵיין גָאלְדֶענֶעם דַאךְ וֶועלְכֶעס דַאס אוֹיגֶע דֶעם פָאלְקֶעס פֶערְבְּלֶענְדֶעט.....

מר זוטרא: גֶענוּג! גֶענוּג! קָאמֶע. בֶּעווייזֶע מִיר, בֶּעצֵייגֶע מִיר דַאס מֵיינֶע פְרוֹיא אוּנְטְרֵייא אִיז זָאנְסְט (ווירגט איהם) בֵּייא דֶער עֶהְרֶע פָאן בֵּית דָוִד דוּא ווִירְסְט דִיעזֶע שַׁאנְדֶע נִיכְט אִיבֶּערְלֶעבֶּען.

בר הונא: עֶרְמָארְדֶע מִיךְ ווִיא קַיִן הָאט זֵיינֶען בְּרוּדֶער עֶרְמָארְדֶעט, אִיךְ דוּמְקָאפְּף הָאבֶּע עֶס פֶּערְדִיעְנְט פִיר מֵיינֶע עֶהְרְלִיכְקֵייט טְרֵייֶע אוּנְד

אויפּריכטיגער ליעבע צו דיר. שעהן איך דאנקע דיר ברודער פיר דיא לעהרע דיא דוא מיר געגעבען האסט, יעצט וועה איך ווער עס וויל זיך עהרליך האלטען זאל זיך פריהער פלעכטען א שטריק פון אמת׳ער אונד גערעכטיגקייט אונד זיך אויפהענגען.

**מר זוטרא:** ברודער! איך וויל בעווייזע.....

**בר הונא:** ווילסט אפשר איך זאל געוועזען שטעהן א שילדוואכע ווען דיין ווייב האט זיך מיט דעם שענען יונגען בר קפרא אין זיעסער וואללוסט ערווערמט? אדער זאל איך געוועזען ליגען אונטערן בעט אונ הערען דיא זיסע קיש מיט דעם שענען געשפרעך וואס קאמט פאר בין איש לאשתו? ניין ברודער! היער וועה מיט דיינע אויגען (ציינגט איהם אין פלאסט אריין) וועה וויא ער ליגט איהר צו פיסען וועה וויא צערטליך זיא בעניםט זיך געגען איהם וועה וויא ער קישט איהרע הענד אונד זיא שטאסט איהם ניט אוועק פאן זיך, ניין? האסט שאן גע עהען.

**מר זוטרא:** אה שרעקליך!

**בר הונא:** ווען דוא ביזט אין קריעג אוועק האסט דוא דעם זיעגעלרינג דיינער ליעבען פרוי איבערגעגעבען, מיך דיינען עלטערן ברודער האסט דו ניכט געגוג עהרליך אדער פעהיג געפונדען פיר דיינען פערטרויען צו מאכען יעצט וויסע דעם... דיינע ליעבע פרוי האט דען זיעגעלרינג איהר געליעבטען בר קפרא איבערגעגעבען, אונד ער האט דא אויף דיין אדט רעגיערט.

**מר זוטרא:** ניין ניין, עס איזט ניכט וואהר עס מוס איין טרוים זיין.

**בר הונא:** קיין טרוים (ציינגט דען רינג) וועה עס איזט דיין זיעגעלרינג וועלכען איך האב מיט חכמה אוים בר קפרא׳ם האנד וועקגענאמען אום דיא עהרע פאן בית דוד צו רעטען.

**מר זוטרא:** לאס מיך איך וועל זייא ביידע אין שטיקען צעררייסען!!!

**בר הונא:** ניין ברודער לאס דיינען צארן ניכט אונניצליך אויסברעכען אין דער צייט ווען עס נוצט ניכט.

**מר זוטרא:** ניין! ווען איך 100 לעבענס דאדורך פערלארען געהען איך וויל מיך אין איהרעם בלוטע באדען.

**בר הונא:** פערגעסט ניט מארגען קאמט דיא ברויט פאן ירושלים דיינען זאהן צו הייראטען.

מר זוטרא: נײן ער איזט ניכט מײן זאהן! ער איזט אין עהעבראך געשאפען, אין פערברעכען געבארען, אין אונטרײא געצײגט, אין אינהרליכקייט ערצאגען. ער איזט איין באסטארד אונד דארף מײנען נאמעןדען נאמען פאן בית דוד ניכט טראגען, ברודער זײער בלוט, ווייער בלוט וויל איך זעהען.

בר הונא: זא הערע דען ראטה פאן דיינען ליעבען טרייען ברודער! בעסער איין וויטאג אין הערץ אלס איין בושה אין פנים: מײן ראטה איז – דוא זאלסט איהר קיין ווארט זאגען, נימפפאנגע איהרען זאהן גלייך וויא ער וואלט גאר נישט געוועזען; פערהייראטע איהם מיט דער פירסטין הילנא אונד לאז דיא וועלט פאן ניכטס ערפאהרען, דאס איזט מײן ראטה אונד אזוי וועט דיך יעדער קלוגער מענש ראטהען.

מר זוטרא: האסט רעכט ברודער – דוא מיינסט עס גוט מיט מיר אבער דאס איינע פערשפרעכע מיר בינען 24 שטונדען זאל בר קפרא אונטער דען טאדטען צעהלען.

בר הונא: קאנסט רוהיג זיין ברודער – ער איזט שאן וויא טאדט, דא קאמט דיא פירסטין, הינטער איהר געהט איהר הערצענסגעליעבטע איך געה מיט איהם אוועק, פאן וואנען ער וועט אזוי גיך ניכט צוריקקאמען; אבער פערשפרעכע מיר נאך אמאל קאלטבלוטיג צו האנדלען.

מר זוטרא: איך פערשפרעכע עס דיר.

(אויפטריט בת שיע, בר קפרא)

בר הונא: בר קפרא! איך האב מיט דיר עטוואס וויכטיגעס צו שפרעכען.

(ביידע אב:)

בת שיע: מײן ליעבער געמאהל דיא געסטע ווארטען אונגעדולדיג אויף איהרען פירסטען.

מר זוטרא: זאלען דיא ווארטען, דיא געסטע מוסען זיך לערנען מעהר געדולדיג צו זיין, עס קאמט מאנכעס מאל איינע צייט ווא מאן זעהר שטארק זיין מוס אום דיא געדולד ניכט צו פערליערען, דאך זאגע ווער וואר דער יונגע מאן דער דיך בעגלייטעט האט.

בת שיע: עס איזט דער זאהן אונזערעס אלטען הויז פריינדס קפרא, איך האבע מיט איהם זעהר מיטלייד, ער איזט זעהר בראוו אונד דער

וָאהְן אֵיינֶעם בְּרַאוֶּוען מַאנֶעם אִיךְ מֶעכְטֶע דִיךְ בִּיטֶען מֵיין לִיעבֶּער אִיהְם צוּם שַׂר הָאֶלֶף צוּ עֶרְגֶענֶען.

**מר זוטרא:** גוּט אִיךְ וִויל דִיר דֵיינֶע בִּיטֶע נִיט עֶנְטזַאגֶען גֶעבֶּע מִיר דֶעם טַבַּעַת הַמֶּלֶךְ אִיךְ וִויל מִיט אִיהְם דַאס בֶּעפֶערְדֶערוּנְגְס פֶערְגַאמֶענְט פֶערְזֶעהֶען.

**בת שיע:** (זוכט) אִיךְ הַאבּ אִיהְם נִיכְט בֵּייא מִיר.

**מר זוטרא:** וִוירְקְלִיךְ? הַאבֶּע אִיךְ דִיר נִיכְט גֶעזַאגְט הִיטֶע דִיעזֶען רִינְג וִויא דֵיין אוֹיגֶענְלִיכְט, יֶעצְט בַּת שֶׁבַע זַאגֶע דִי וַואהְרְהֵייט אִיזְט עֶר אִין אַנְדֶערֶע הֶענְדֶען אִיבֶּערְגַאנְגֶען.

**בת שיע:** מֵיין מַאנְן אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דֵיינֶע שְׁפְּרַאכֶע נִיכְט.

**מר זוטרא:** וָוא אִיזְט דֶער טַבַּעַת הַמֶּלֶךְ?

**בת שיע:** צוּעֶרְשְׁט מֶעסִיגֶע דֵיינֶען צָארְן, דֶער רִינְג וִוירְד זִיךְ גֶעוִויס פִינְדֶען.

**מר זוטרא:** דֶען רִינְג וִויל אִיךְ הַאבֶּען!!!

**בת שיע:** דוּא פֶערְשְׁטֶערְסְט דִיר אוּמְזָאנְסְט דֵיין פֶּעסְט.

**מר זוטרא:** דֶען רִינְג וִויל אִיךְ הַאבֶּען!

**איינער:** אֵיין בְּרִיעף אַן דִיא פִירְסְטֶען. (אב)

**בת שיע:** (עפענט פאלט ארויס דער רינג) אַ דַא אִיזְט דֶער רִינְג!

**מר זוטרא:** אוּנְד פָאן וֶועם קָאמְט עֶר? הֶער מִיט דֶען בְּרִיעף (לעזט) לִיעבֶּענְסְווִירְדִיגֶע פִירְסְטֶען אִין דֶער הָאפְנוּנְג דַאס זִיא אִיהְר וָוארְט גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד מֵיינֶע בֶּעפֶערְדֶערוּנְג אוֹיסְגֶעווִירְקְט הַאבֶּען, שִׁיקֶע אִיהְנֶען דֶען זִיעגֶעל-רִינְג וֶועלְכֶער מִיר אַנְפֶערְטְרוֹיט וַואר צוּרִיק דַאמִיט מֵיינֶע בֶּעפֶערְדֶערוּנְג מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען צוּ פֶערְזֶעהֶען, אִין אַכְטוּנְג אוּנְד טְרֵייעֶ אִיהְר בַּר קַפָּרָא (איראניש) נוּן פִירְסְטֶען וַואס זַאגֶען זִיא יֶעצְט?

**בת שיע:** מֵיין מַאנְן אִיךְ... וֵויס... פָאן... גָאט אִיךְ וֶוער פֶערִיקְט,

**מר זוטרא:** דַאס קָאמְט דֶעם בּוּהְלֶערִישֶׁען וֵוייבֶּע.

**בת שיע:** וַואס? מֵיין מַאנְן בִּיסְט דוּ בֵּיים פֶערְשְׁטַאנְד? אִיךְ דִיא פִירְסְטִין פָאן פָּרַס וּמָדַי אֵיין בּוּהְלֶערִישׁ וַוייבּ?

מר זוטרא: טײפֿעל אױם מײנען אױגען!

בת שיע: (װײנט) נײן מײן מאַנן — דאס האָבע איך ניכט פֿערדיענט.

מר זוטרא: שלאַנגע, װען דײנע טהרענען דיא ערדע בענעטצען, זא װירד פֿאָן יעדע טהרענע אײן קראָקאָדיל הערױסשפּראָצען... יעדע טראָפּען אײנער פֿרױענטהרענע האַט אין זיך אײן מעער פֿאַל גיפֿט אום אַלע מענער דער װעלט צו פֿערגיפֿטען; אױם מײנען אױגען טײפֿעל!

בת שיע: מאַנן דוא בעגעהסט אײן פֿעהלער, אַבער נאָך מעהר שאַהנע דיא עהרע אונזערעס נאַהמעס דיא עהרע פֿאָן בית דוד.

מר זוטרא: נײן ער איזט ניכט מײן זאהן, ער איזט פֿאָן אײנער אונעהרליכען מוטער געבאָרען, דוא האַסט זײן עהרע גערױבט אונד געשענדעט, פֿאָרט! פֿאָרט אױם מײנער געגענװאַרט

בת שיע: בערוהיגע דיך דײנע געסטע קאָמען.

(אױפֿטריט קאהר)

אלע: װאַס איזט געשעהן? װאַס איזט געשעהן?

מר זוטרא: הַ הַ מײנע העלדען אונד תּלמידי חכמים הערעט דיא געשיכטע פֿאָן מײנען יעצטיגען קריג מיט פֿערזיען — אונד פֿערשטעהט מײנע גראָסע פֿרײדע, פֿאַר 10 יאַהרען אַלס נאָך מײן פֿאַטער רב הונא ריש גלותא פֿאָן בבל װאַר, האַט דער פֿערזישע שאַך דאַס לאַנד רעפֿאָרמירט אונד דיא זאָ גענאַנטע ליבטרעליגיאָן אײנגעפֿיהרט — קײן אײנציגע מענש זאָל זײן אײגענעס פֿערמעגען אונד פֿרױ בעזיצען אַלעס זאָל דער קאָמונא געהערען, אַבער איך מר זוטרא רבא בין מיט דער װאַפֿע אין דיא האַנד דער קאָמונא ענטגעגען געטרעטען, 8 יאַהרע האַבע איך געקעמפֿט אונד האַבע זיא אױך בעזיעגט, פּריװאַט אײגענטהום אונד פֿאַמיליענרײנהײט האַבע איך אונטער יודען װידער אײנגעפֿיהרט, אונד יעצט בין איך פֿאָם קריעגע אַלס זיעגער צוריק געקעהרט אונד פֿינדע אין מײנעם הױזע מײנע פֿרױ... זיעהט זיא אַן, זאָ רײן, זאָ אונשולדיג, נון זאָל איך מיך איבער מײנען זיעג, ניכט פֿרײען? הַ הַ הַ קאָמט קאָמט געסטע! אונטערהאַלטעט אײך טרינקט טאַנצט אונד זינגט מר זוטרא האַט געזיעגט.

**אלע:** עֶס לֶעבֶּע אוּנְזֶער פִירְסְט מַר זוטְרָא! הָאךְ! הָאךְ!

(אלע אב שרייענד).

**מר זוטרא:** (אבגעהענד) אֵיין גַאנְצֶעם פָאלְק הַאבֶּע אִיךְ בֶּעזִיעגְט אוּנְד אֵיין שְׁוַואכֶּעם וֵוייבּ... נֵיין פֶערְשְׁטָאסֶען בִּיזְט דוּ אוּנְד מֵיין... דֵיין זָאהְן אוּים מֵיינֶעם הוּיזֶע! (אַב)

**בת שיע:** גָאט דוּ בִּיסְט מֵיין צֵייגֶע דַאס אִיךְ אוּנְשׁוּלְדִיג בִּין (פאֶללט).



# פֶּערְוַואנְדְלוּנְג.

(איין צימער איינפאך בייא דער הירטין חלאה, חלם מיט א האָהן אונד א הין).

חלם: איך זאָג דיר מַיין טְהַייעֶרער קַפָּרה'נִיק זאָלְסט נִישְׁט מַאכֶען קֵיין רַעש, אַלֶע הֶעהְנֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט קְרֶעהֶען, פּוּנְקט הַאלְבֶּער נַאכְט אוּנ' חֶלְם הָאט אַ הָאהְן אִיז עֶר אַזַא חֶלְם וְוִיא דֶער בע"ב, עֶר הָאט אֶפִּילוּ קֵיין שֵׂכֶל נִיט וֶוען צוּ קְרֶעהֶען, עֶס אִיזְט נָאךְ נִישְׁט רֶעכְט נַאכט גֶעוָואֶרען אוּנ' עֶר שְׁרַייט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף דִיא צֶעהְן; אָבֶער וְוִיא זָאל עֶרְגֶעץ מַיין הִינְדַאלֶע זַיין, דִיא נַאכְט? וֶוען אִיךְ בִּין אַהֶער גֶעגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ פוּן דֶער ווייטֶענְס דֶערְזֶעהֶען לוֹיפֶען, אַיין אוֹיסְגֶע-פִּיצְטֶע, עֶפִּיס גָאר אַ יוֹם־טוֹב'דִיגֶע אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט שְׁוֶועהְרֶען אַז עֶס אִיז מֵיין חֶלְאָה, אִיךְ הָאבּ נָאר וָואס גֶעוָואלְט אַ גֶעשְׁרֵייא טוּהְן חֶלְאָה וְוִיהִין גֵייסְט דוּ?

(אויפטריט חלאה).

חלאה: וָואס הָאסְט דוּא גֶעוָואלְט חֶלְם? וָואס הָאסְט דוּא דִיךְ אַזוֹיא פֶּערְשֶׁעהְמְט? קוּק אוּנ' וְוִיא אַזוֹיא דוּא בִּיזְט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן!

חלם: וַוייל אִיךְ וֵויס נִישְׁט וָואס פַאר אַ טָאג ס'אִיז הַייְנְט מִיט דִיר.

חלאה: וָואס'זֶשֶׁע דוּא הָאסְט הַייְנְט דֶעם יוֹם נִישְׁט גֶעזָאגְט?

חלם: זֵיין — אִיךְ מֵיין צִי אַ וָואכֶענְדִיגֶער טָאג צִי אַ יוֹם-טוֹבְ'דִיגֶער.

חלאה: פַאר וָואס חֶלְם?

חלם: וַוייל רֶעדֶען רֶעדְסְט דוּ מִיר וְוִיא אִין אַ וָואכֶענְדִיגֶען טָאג אוּנ' אוֹיסְ-גֶעפּוּצְט גֶעהְסְט דוּא וְוִיא אִין אַ יוֹם־טוֹבְ'דִיגֶען.

חלאה: דוּא וֵוייסְט נִישְׁט אַז בְּאלְד קוּמְט דֶער יוּנְגֶער פִּירְסְט נָהְן פוּן גְרִיכֶענְלַאנְד?

חלם: נוּא וָואס'זֶשֶׁע פַאר אַ יוֹם טוֹב אִיז דָאס בַּייא דִיר? וָואס הָאט אַ יוּנְגֶער פִּירְסְט צוּ טְהוּן מִיט אַ אָרֶעם פַאסְטוּךְ-מֵיידִיל.

חלאה: הָאסְט אַ קָאפְּף פוּן אַ שָׁאף, דוּא וֵוייסְט נִישְׁט אַז דֶער פִּירְסְט נָהְן אִיז מַיין מִילְךְ בְּרוּדֶער.

חלם: וָואס הֵייסְט דָאס אַ מִילְכִיגֶער בְּרִידֶער?

**חלאה:** וַוייל מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע פוּן אֵיין מִילְךְ גֶעזויגֶען דֶערְפַאר וֶועגֶען
מִיר מִילְכְבְּרִידֶער.

**חלם:** נָאךְ אַ גְלִיק וָואס אִיהְר הָאט נִישְׁט פוּן אֵיין פְלֵייש גֶעגֶעסֶען אַז
נִיט וָואלְט אִיהְר גֶעוֶוען פְלֵיישִׁיגֶע בְּרוּדֶער.

**חלאה:** נוּא חֶלְם אַצוּנְד גֶעה אַהֵיים אוּנ טְהוּ דִיךְ אָהְן יוֹם־טוֹבְ'דִיג וַוייל
בַּאלְד וֶועט דֶער פִירְסְט דוּא פַארְבֵּייא גֶעהְן וֶועט עֶר גֶעווִיס דָא
אָבְּטְרֶעטֶען.

**חלם:** אִיךְ הָאבּ אָבֶּער מוֹרָא אַז אִיךְ וֶועל מִיךְ אוֹיסְפּוּצֶען, זָאל מִיר דַיין
מִילְכִיגֶער בְּרוּדֶער קֵיין גוּט אוֹיג נִישְׁט גֶעבֶּען.

**חלאה:** וֶועל אִיךְ דִיר דְרַייא מָאל אָנְשְׁפַּייֶען וֶועט דִיר גָאר נִישְׁט שַׁאטֶען.

**חלם:** חֶלְאָה! אִיךְ מֵיין עֶס וָואלְט נִישְׁט גֶעשַׁאט, אִיךְ זָאל דִיר דֶערְוַוייל
אֵיינְמָאל אָנְשְׁפַּייֶען וַוייל אִיךְ הָאבּ מוֹרָא דוּא זָאלְסְט אִיהְם בֵּיידֶע
אוֹיגֶען נִישְׁט וַוארְפֶען.

**חלאה:** דֶערְוַוייל מֵיין טְהַייעֶרֶער חֶלְם וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּעטֶען נָאר נִישְׁט
אֵייפֶערְזִיכְטִיג צוּ זַיין..... זָאג יָאר הָאסְט גֶעבְּרַאכְט אַ הִיהְן מִיט אַ
הָאהְן וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעהֵייסֶען.

**חלם:** יָא חֶלְאָה! אָבֶּער מֶעג אִיךְ וִויסֶען צוּ וָואס דוּא דַארְפְסְט זֵייא?

**חלאה:** הָאסְט דוּא נִישְׁט גֶעלֶערְנְט אַז אִיבֶּער אַ הִיהְן אוּנ אַ הָאהְן אִיז חָרוּב
גֶעוָוארֶען דִיא שְׁטָאדְט טוּר מַלְכָּא? (I. Ritt.)

**חלם:** אוּנ וֶועמֶען וִוילְסְט דוּא חָרוּב מַאכֶען?

**חלאה:** קֵיינֶעם נִיט, נָאר אִין טוּר מַלְכָּא אִיז אַ מִנְהָג חָתָן כַּלָה אַקֶעגֶען
צוּטְרָאגֶען אַ הִיהְן מִיט אַ הָאהְן.

**חלם:** כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ לֶערְנֶען כַּפָּרָה שְׁלָאגֶען אֵיינְס מִיטְ'ן אַנְדֶערְן?

**חלאה:** נֵיין חֶלְם אָבֶּער אַזוֹיא אִיז דֶער מִנְהָג, וִויל אִיךְ דֶעם פִירְסְט מִיט
דֶער־כַּלָה אוֹיךְ אַקֶעגֶען טְרָאגֶען אַ הִיהְן מִיט אַ הָאהְן. (II. Ritt.)

I.

**חלאה:** דִיא מֶענְשֶׁען וֶוענֶען אִימֶער פֶערְשִׁיעדֶען
פוּן אַלֶערְלֵייא הַוּוֹת
זֵייא לֶעבֶּען קֵיינְמָאל נִיט צוּפְרִיעדֶען
מֶען הֶערְט נָאר אִימֶער נַייעֶס.

חלם: אָבֶּער דיא הִיהֶן מִיט דֶעם הָאהָן
קוּק זֵייא נָאר גוּט אָהָן
זֵייא פֶּערְהַאלְטֶען זִיךְ, עֶס אִיז אַ בֶּערְגִינֶען
זֵייא לֶעבֶּען רוּהִיג נוּר – אָב זֵייעֶרע יָאהְר
מֶען הֶערְט זֵייא קֵיינְמָאל זִיךְ נִיט קְרִיעֶגֶען
אַז דיא הִיהֶן פֶּערְלַאנְגְט עֶפִּיס פוּן דֶעם הָאהָן
קְוָואקְעֶט זִיא צוּ אִיהְם נָאר אָהְן אַ שִׁיעוּר קְוַוא קְוַוא
אוּנ דֶער הָאהְן עֶנְטְפֶּערְט אִיהְר מִיט אַ הוֹיכֶען טָאן.
(מַיין גֶעלִיעבְּטֶע) הָאסְט גֶעפוֹעֶלְ'ט בַּייא מִיר

II.

חלאה: אַ מֶענְשׁ בֶּעגֶעהְט אַ גְרוֹיסֶע זִינְד
אוּנ הָאט דֶערְפוּן פִּיעל צָרוֹת
הַאפְּט עֶר בַּאלְד אַ הָאהְן גֶעשְׁווִינְד
אוּנ שְׁלָאגְט מִיט אִיהְם כַּפָּרוֹת,
דֶער הָאהְן לָאזְט אַרַאב
שְׁוַוייגֶענְדִיג זַיין קָאפְּף
עֶר מֵיינְט מֶען טְרַייבְּט מִיט אִיהְם קַאטָאוֶועס
זִיא צִיטֶערְן זַיינֶע גְלִיעדֶער
אַז עֶר דֶערְזֶעהְט אִין סִידוּר
דֶעם בְּנֵי אָדָם יוֹשְׁבֵי חֹשֶׁךְ וְצַלְמָוֶת. אַז דיא הִיהְן א. ז. וו. (טאַנץ).

חלם: אָ דֶער הָאהְן קוּמְט.

חלאה: נוּא, וָואסְ'זְשֶׁע הָאסְט דוּא דִיךְ אַזוֹיא דֶערְשְׁרָאקֶען? וָואס בִּיזְט דוּא אַ קַאפְּהָאהְן!

חלם: נֵיין אָבֶּער אִיךְ בִּין אַיין אָרִימֶער דָארְפְּסְהָאהְן, אוּנ עֶר אִיז אַ קֶענִיג-לִיכֶער קוּקוּרִיקוּ! מִיט אַיין קְרֶעה פוּן זַיין מוֹיל, אוּנ מִיט אַיין קְלַאפּ פוּן זַיינֶע פְּלִיעגֶל בְּלַייבְּט נִישְׁט אַ הִיהֶנְדִיל אִין גַאנְצֶען דָארְף.

חלאה: נוּא אַז דוּא הָאסְט מוֹרָא גֶעה זְשֶׁע דִיר אַוֶועק.

חלם: אִיךְ גֶעה אָבֶּער קוֹים הֶער אִיךְ אַיין קוּקוּרִיק בִּין אִיךְ דָא (אַב)

(אויפּטריט נתן אלס גריבישער ווייזע).

חלאה: (לויפּט איהם ענטגעגען) שָׁלוֹם צוּ אַייךְ עֶדְלֶער פִּירְסְט.

**נתן:** חָלְאָה! דוּא בִּיזְט עֶס? פְרֵיעֶדֶע צוּ דִיר, הַאסְט מִיךְ גְלֵייךְ עֶרְקֶענְט?

**חלאה:** זָאל אִיךְ מַיין מִילְכְבְּרוּדֶער נִיכְט עֶרְקֶענֶען?

**נתן:** שֶׁעהְן חָלְאָה וֶועהְר שֶׁעהְן, וָואס מַאכֶען מַיינֶע עֶלְטֶערְן.

**חלאה:** זֵייא לֶעבֶּען זִיךְ וֶועהְר גְלִיקְלִיךְ.

**נתן:** וֵוייסְט דוּא נִיכְט וֶועסְהַאלְבּ מַאן מִיךְ נַאךְ הוֹיזֶע בֶּערוּפֶען הַאט?

**חלאה:** וָואס הֵייסְט מֶען הָאט אַייךְ דֶען נִישְׁט גֶעשְׁרִיעבֶּען אַז מֶען וִויל אַייךְ חֲתוּנָה מַאכֶען כְּדַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל? אוּם — אִיהְר זֶענְט גֶעוִויס הוּנְגְרִיג אָדֶער דָארְשְׁטִיג אָט וֶועל אִיךְ גֶעהְן עֶפִּים בְּרֶענְגֶען צוּ עָרְ-קְוִויקֶען. (אַב)

**נתן:** הִיעֶר אִים נִידְרִיגֶען הַייזְכֶען בֵּייא דֶער דִיעֶנֶערְשַׁאפְט זֵיינֶעס פַאטֶערְכּ מוּסְס דֶער זָאהְן זֵיינֶען עֶרְשְׁטֶען בֶּעזוּךְ מַאכֶען אוּם צוּ עֶרְפַאהְרֶען וֶועסְהַאלְבּ מַאן אִיהְם נַאךְ הוֹיזֶע בֶּערוּפֶען הַאט, נַאךְ 10 יַאהְרֶע הַאבֶּע אִיךְ קוֹים יֶעצְט צוּם עֶרְשְׁטֶען מַאל אַיין שְׁרֵייבֶּען עֶרְהַאלְטֶען נַאךְ הוֹיזֶע צוּ קָאמֶען.... דַא קָאמְט יֶעמַאנְד, זָאל דַאס מַיינֶע מוּטֶער זַיין?

(אויפטריט בת שיע).

**בת שיע:** פִינְדֶע אִיךְ הִיעֶר מֵיינֶען זָאהְן? נָתָן?... יַא דוּא בִּיזְט עֶס, אוּנְד זָא פֶערְעֶנְדֶערְט זָא קַאלְט? נָתָן וַוארוּם דַאס? עֶרְקֶענְסְט דוּא דֵיינֶע מוּטֶער נִיכְט?

**נתן:** דֵיינֶע גֶעזִיכְטְסְצִיגֶע זִינְד מִיר נִיכְט פְרֶעמְד גֶעוָוארְדֶען, אַבֶּער דֵיין מוּטֶער הֶערְץ? יַא יַא דִיא וֶועלְלֶען דֶעם גְרָאסֶען מֶעעֶרֶעס וֶועלְכֶע טְהֵיילֶען אַבּ גְרִיכֶענְלַאנְד פָאן פֶערְזִיעֶן הַאבֶּען דִיא פֵייעֶרִיגֶע קִינְדֶערְלִיעבֶּע אִין דֵיינֶעם הֶערְצֶען אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען.

**בת שיע:** מֵיין קִינְד, מֵיין אַיינְצִיגֶער זָאהְן קָאמֶע אַן מֵיינֶעם הֶערְצֶען, דַאס הֶערְץ אַיינֶער מוּטֶער קַאן נִיע אוֹיפְהֶערֶען אִיהְר קִינְד צוּ לִיעבֶּען, זַאגֶע נָתָן וַואס הַאט דֵיינֶע מוּטֶער גֶעגֶען דִיר פֶערְבְּרָאכֶען, דַאס דוּא צוּ אִיהְר זָא קַאלְט בִּיזְט?

**נתן:** צֶעהְן יַאהְרֶע הַאבֶּע אִיךְ פָאן מֵיינֶער מוּטֶער קֵיינֶען בְּרִיעף עֶרְהַאלְטֶען.

**בת שיע:** אִיךְ הַאבֶּע אוּנְצֶעהְלִיגֶע אַן דִיךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען אוּנְד קֵיינֶע אַנְטְוָוארְט בֶּעקָאמֶען.

**נתן:** איזט דאס מעגליך? ווער וואר אלזא דער דיעב, דער מיר דיא ליעבע מיינער עלטערן צו שטעהלען פערזוכטע? וואגע עס מיר אונד ווען עס אויך מיין אייגענער פאטער זייא.....

**בת שיע:** ניין דיין פאטער וואר דיא גאנצע צייט אים קריעג געגען דיא פעריזער, דער רויבער דיינער עלטערן ליעבע איזט קיין אנדערער אלס דיין אנקעל בר הונא ער האט דאס גליק אונד לעבען פאן אונז אללע 3 פערניכטעט.

**נתן:** מוטער זאל דאס וואהר זיין? קאן איין זאהן פאן בית דוד זא געמיין זיין?

**בת שיע:** יא מיין זאהן, ער האט נאך מעהר געטהאן, ער האט דיר דיינען פאטער אונד מיר מיינען מאן אונד נאמען גערויבט, אונד גאט ווייסט וואס דאס ענדע זיין ווירד.

**נתן:** אך פערצווייפלונג, דוא פאנגסט מיך וויטהענד אין דיינע ריעזען-ארמע, קיין שטיין זאל אויף זיינעם פלאטץ פאן בית דוד ליעגען בלייבען! קאמע מוטער! קאם צום פאטער, ער זאל ער מוס מיר אנטווארט געבען.

**בת שיע:** ניין מיין זאהן, ער דארף ניכט וויסען דאס וויר אונז שאן געזעהען האבען, געה זעלבסט צו איהם, פאססע מוטה, זייא געדולדיג אונד פערגעסע ניכט ער איזט דיין פאטער, אבוואהל ער אבלייגנען וויל, אונד עהרע דיינען פאטער איזט איין הייליגעס געבאט. (אב)

**נתן:** ויא האט געוויינט אונד האט פאסט אהנע מיך אין איהרע ארמע געדריקט צו האבען, מיך געווארנעט מיינען פאטער צו ליעבען, אבוואהל ער עס ניכט זיין וויל... יא יא מוטער דוא האסט רעכט, דען שלעכטעסטען פאטער זעלבסט מוס מאן עהרען, דען כבד את אביך איזט איין הייליגעס געבאט. (II. Ritt.)

I.

ווען איך וואר איין קינד — איך געדענק וויא אצונד
האט א לעהרער מיר געגעבען צו פערשטיין
אז אפאטער צו ליעבען — איז אין דיא תורה געשריעבען
מען טאר געגען נישט געהן

דוא וועסט פיעל ליידען – אונ האבען פיעל פריידען
עס וועט דיר נאך זיין שלעכט אונ גוט
געדענק מיין קינד – וואס איך זאג דיר אצונד
פערגעס אין מיין עהרע ניט
כבד את אביך ז גט אונז דיא תורה
פון לעגען מיין קינד מוזט דוא מיט מורא
עהרע דיין פאטער – דען רעכטע האט ער
צו טהון מיט דיר וואס ער וויל
דיין פאטער האט דיר געגעבען דאס לעבען
דערפאר מוזט דוא איהם כבוד אבגעבען
כהוט ער דיר שלעכטס – גיב נישט קיין קרעכץ
נאר אימער שווייגען שטיל.

II

דוא וועסט ווערען א קינד – א מין געשווינד
אונ עס וועט דיר נאך געהן גוט
געדענק עס אויף שריט אונ טריט
זייא קיינמאל ניט שלעכט – נאר אימער גערעכט
געגען דיין טאטען אונ גאט
ליעב איהם מיט מורא – אזוי זאגט דיא תורה
פארגעס נישט דאס 5-טע געבאט
כבד את אביך א. ז. וו.

III.

איין לאנגעס לעבען – האט גאט געגעבען
א יא דעם געבאט כבוד אב
זייא האבען דורך דיר געליטען אהן שיעור
דערפאר ליעב זייא אהן א סוף
פאר דיין מאמעס ווארט – אונ אויף דיין טאטענס ארט
טארפסט דוא נישט זיטצען אונ רעדען
חלילה בייא א נויט – גיב זייא ברויט
כבד את אביך א. ז. וו. (אב)

# פֶּערְוַואנְדְלוּנְג

(געבירגע בייא דער זייט איינגעפּאלענעם הויז צו פּערשלאָסען, הינטער בערג קברים פון אסתר מרדכי און אויך אַנדערע קברים בייא דיא זייטען געבירגע ווילינדיג, בר הונא בר קפרא פיהרען אריין הילנא׳ן)

**בר הונא:** הִיער אִיזְט דֶער אָרְט וְויא וִויר אוֹיסְרוּהֶען קֶענֶען וַוייל הִי רוּהֶען אוֹים פִּיעלֶע נַאךְ דֶעם מִיעדֶען לֶעבֶּען.

**הילנא:** אַבֶּער מֵיין הֶערְץ שְׁרֶעקְט זִיךְ, נָאךְ וַואס הַאט אִיהְר אוֹי גֶעקְלִיבֶּען אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אָרְט? דֶער אָרְט אִיזְט מִיר נָאךְ פִּי שְׁרֶעקְלִיכֶער אַלְם יֶענֶער, וְויא רֵייבֶּער זִינְד אוּנְז אִיבֶּערְפַאלֶען א אַלֶע בֶּעגְלֵייטֶער אוֹיסְגֶעשְׁלַאכְטֶעט, קַאמְט גֶעשְׁווִינְד אַוֶעק פָאן דֶ שְׁרֶעקְלִיכֶען אָרְט.

**בר הונא:** גֶענוּג זָאלְכֶע דוּמְהֵייטֶען, אִיךְ הַאבּ נִישְׁט לִיעבּ מֶען זָאל אַזוֹי פִּיעל דֵעוֹת זָאגֶען.

**הילנא:** וַואס פִיר אֵיינֶע שְׁפְּרַאכֶע אִיזְט דַאס? אִיךְ בִּין נִיכְט גֶעוֶוע זָאלְכֶע גְרָאבְּהֵייטֶען צוּ הֶערֶען.

**בר הונא:** וֶועסְט דִיךְ יֶעטְצְט גֶעווֶעהְנֶען, בַּר קַפָּרָא גֶעה בְּרֶענְג אַהֶער טָאכְטֶער גֶעשְׁווִינְד.

**בר קפרא:** אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּם רוּחַ פֶּערְקוֹיפְט אוּנ מוּז טַאנְצֶען נָאךְ פַּייפֶעלֶע. (אַב)

**בר הונא:** נוּן טְהוּ אוֹים דֵיין שְׁלֵייעֶר, שְׁנֶעל דֵיין שְׁלֵייעֶר הֶערוּנְטֶער!

**הילנא:** מִיט וֶועהְם וַואגְט אִיהְר זָא גְרָאבּ צוּ רֶעדֶען? הַאבְּט פֶּערְגֶעסֶען וֶוער אִיךְ בִּין?

**בר הונא:** אִיךְ בֶּעפֶעהְלֶע עֶס דִיר.

**הילנא:** מִיט וֶועלְכֶעם רֶעכְטֶע וַואגְסְט דוּא מִיר צוּ בֶּעפֶעהְלֶען? מִיר פִּירְסְטֶען טָאכְטֶער פָאן רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא? שְׁקְלַאוֶוע צִיעָהֶע וָוארְטֶען צוּרִיק!

**בר הונא:** שְׁווֵיינֶע, זָאנְסְט וִוירְד עֶס נָאךְ מִיט דִיר עֶרְגֶער זֵיין.

לנא: נָאךְ עֶרְגֶער? וַואס קַאן נָאךְ עֶרְגֶער זַיין? דוא ווִילְסְט מִיךְ עֶרְמָארְדֶען?

הונא: טְהוּ וִויא אִיךְ הַיים דִיר וֶועסְט דוא דַיין לֶעבֶּען רֶעטֶען.

לנא: זַאגֶע טִירַאן, פֶערְלַאנְגֶע בַּארְבַּאר, וַואס זָאל אִיךְ טְהוּן אוּם בַּייא דִיר מַיין לֶעבֶּען צוּ רֶעטֶען?

הונא: גֶעה דַא אִין דֶעם אַלְטֶען הוֹיז אַרַיין אוּנְד טְהוּ אוֹיס דַיינֶע קְלַיידֶער אוּנְד אִיבֶּערְגִיבּ זִיא מִיר, דַאן וֶועסְט דוא קֶענֶען פְרַייא גֶעהְן.

לנא: גוּט, אַבֶּער לָאז מִיךְ אַלַיין אַרַיין גֶעהְן אִין דֶעם הוֹיז אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיא קְלַיידֶער אַלַיין אַרוֹיסְגֶעבֶּען.

הונא: דַיין ווִילֶע זָאל גֶעשֶׁעהֶען.

לנא: (געהענד) אִיהְר הַיילִיגֶע טָאדְטֶע אִין אַייעֶרֶע קְבָרִים הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶער לֶעבֶּענְדִיגֶער אוּמָה, שִׁיטְצְט מִיר מַיין לֶעבֶּען אוּנְד מַיינֶע עֶהְרֶע. (אַבּ אין שטיבעל)

הונא: וֶוען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל אוּנְטֶערְגֶעהְן אוּנְד אַלֶע מַיינֶע פְּלֶענֶע מוּזֶען אוֹיסְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען, פֶערְנִיכְטֶען מוּז אִיךְ דַאס גַאנְצֶע הוֹיז פָאן בֵּית דָוִד, אוּנְד וֶוען עֶס מוּז דָאךְ בֶּעשְׁטֶעהֶען זָאל מַיינֶע טָאכְטֶער אוֹיף דֶעם טְרָאהְן זִיטְצֶען.

(אויפטריט בר קפרא, מרתא)

קפרא: הִיער אִיזְט דַיינֶע טָאכְטֶער, אַבֶּער זִיא וַוייגֶערְט זִיךְ דַיינֶעם וואוּנְשׁ צוּ עֶרְפִילֶען. (אַבּ)

יתא: פֶערְצַייהֶע פַאטֶער, אִיךְ קֶען דַאס בַּייא מִיר אַלַיין נִישְׁט פּוֹעֵל'ן אִין פְרֶעמְדֶע גֶערוֹיבְּטֶע קְלַיידֶער מִיךְ צוּ שְׁמִיקֶען, נַיין פַאטֶער בֶּעסֶער טֶעדְטֶע מִיךְ.

הינא: צוּ שְׁפֶּעט! אִיךְ קַאן נִיכְט מֶעהְר צוּרִיק, אִיךְ מוּז וַוייטֶער, וַוייטֶער גֶעהְן! זִיגֶען אָדֶער פַאלֶען!

יתא: אוּנְד וִויא זָאל דַאס גֶעשֶׁעהֶען?

הונא: הִיער וַוארְטֶע, אִיךְ בֶּעקָאמֶע גְלַייךְ דִיא קְלַיידֶער פָאן דֶער פִירְסְטֶען הִילְנָא, דוא זָאלְסְט דִיךְ שְׁנֶעל אַנְקְלַיידֶען אוּנְד מַיינֶען בְּרוּדֶער פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען אַלְס הִילְנָא דִיא טָאכְטֶער פָאן רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד זַיינֶען זָאהְן נָתָן הַיירַאטֶען, דוא פֶערְ-שְׁטֶעהְסְט? פָאן נוּן אַן הַייסְט דוא הִילְנָא.

מרתא: אַבֶּער אַז מֶען וֶועט מִיךְ עֲרְקֶענֶען?

בר הונא: קֵיין מֶענְשׁ קֶען דִיךְ הִיער אִין מְחוּזָה, אִיךְ וֵויים וָואס אִיךְ טְד

הילנא: (פֿאם פענסטער) הִיער זִינְד דִיא קְלֵיידֶער. (וואַרפֿט אַרוים)

בר הונא: שְׁנֶעל קְלֵיידֶע דִיךְ אוּם בִּיז אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען מוּזְט ד
פֶּערְטִיג זֵיין צוּם עֶמְפְּפַאנְג, דֶען מַר זוּטְרָא מִיט דֶעם גַאנְצֶען הָ
קָאמֶען גְלֵייךְ דִיא פִּירְסְטִין בֵּיים שְׁטַאדְט טָאהֶר צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶע
אַבֶּער מַאכֶע עֶס שְׁנֶעל זָאנְסְט בִּין אִיךְ פֶערְלָארֶען.

מרתא: גוּט אִיךְ טְהוּ עֶס נָאר אוּם דֵיין לֶעבֶּען צוּ רֶעטֶּען

בר הונא: קָאמֶע גֶעשְׁווִינְד אִיךְ בֶּעגְלֵייטֶע דִיךְ. (ביידע אב)

(אויפטריט הילנא)

הילנא: עֶנְדְלִיךְ בִּין אִיךְ אַלֵיין פְרֵייא פָאן מֵיינֶע פֶערְפָאלְגֶער! נָאר ו
אַהִין זָאל אִיךְ יֶעטְצְט לוֹיפֶען? הִיער בֵּייא דִיא הֵיילִיגֶע קְבָרִים וֶו
אִיךְ גָאט בֶּעטֶען, (בילד) אָה הֵיילִיגֶע קֶענִיגִין אֶסְתֵּר, אַזוֹי וְויא ד
הַאסְט גֶערֶעטֶּעט אַלֶע יוּדֶען פָאן הָמָן הָרָשָׁע׳ס הֶענְד בֶּעט אִיךְ ד
רֶעטֶע אוֹיךְ מִיךְ פָאן דִיא הֶענְד וַואס ווִילֶען מִיר מֵיין עֶהְרֶע אוּנְד מַ
לֶעבֶּען רוֹיבֶּען. (בעלייכטונג) הוּא וַואס וֶועה אִיךְ? וְויא וֶוערֶען לֶעבֶּענְ
אִין זֵייעֶרֶע קְבָרִים, גָאט בֶּעווֵייזֶע מִיר דֶעם נֵס אוּנְד רֶעטֶע מִיךְ פָ
מֵיינֶע פֵּיינִינֶער.

גייסט אסתר: טְהוּ תְּשׁוּבָה מֵיין קִינְד — זַייא מִתְוַדֶּה דַיינֶע זִינְד
פַּאנְג אַן דַיין וִדוּי — פוּן וְכַךְ הָיָה אוֹמֵר
אִין דֶעם זְכוּת וֶועט גָאט זַיין דַיין שׁוֹמֵר. (II. Ritt.)

קאהר: וְכַךְ וְכַךְ הָיָה אוֹמֵר.

הילנא: [וְכַךְ הָיָה אוֹמֵר] אָנָא אָנָא.

קאהר: אָנָא אָנָא.

הילנא: חָטָאתִי עָוִיתִי [וְשֶׁפָּשַׁעְתִּי לְפָנֶיךָ].

קאהר: אֲנִי וּבֵיתִי.

הילנא: [אוֹי אוֹי וֶועה] אִיז מִיר וֶועהְר וֶועהְר בִּיטֶער אָהְן אַ שִׁיעוּר וָואס ז
פְלָאגְסְט דוּ מִיךְ אַצִינְד — אִיךְ בִּין נָאךְ אַיין יוּנְגֶעס קִינְד.

קאהר: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם.

הילנא: אוֹי וְויא שְׁלֶעכְט אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען דִיא נָאטְהֶע וֶועהְר,
נָאךְ שְׁלֶכְטֶעראִיז דֶעם מֶענְשֶׁען דֶער טָאדְט נָאךְ מֶעהְר.

**קאהר:** אִיהְר קְדוֹשִׁים פוּן אֵייעֶר קֵבֶר,
וָעהְט וִויא עֶס צִיטֶערְט אִין אִיהְר יֶעדֶעס אֵבֶר,
בֶּעט פַאר אִיהְר — מָרְדְכַי וְאֶסְתֵּר,
הֶעלְפְט אִיהְר דֶער אַרְמֶער שְׁוֶועסְטֶער.

**הילנא:** אָנָּא אָנָּא
כַּפֶּר נָא·
אוֹי וֶועה לַחֲטָאִים
וְלַעֲוֹנוֹת
וְלַפְּשָׁעִים (קאהר רעפעטירט)
שֶׁחָטָאתִי
וְשֶׁעָוִיתִי
וְשֶׁפָּשַׁעְתִּי לְפָנֶיךָ
אוֹי אוֹי!

(צוזאמען) אֲנִי וּבֵיתִי (פאלט אויף א שטיין שלאפט איין בילד פערשווינדעט)

(אויפגריט בר הונא)

**בר הונא:** וִיא אִיזְט וֶועק אִיךְ בִּין פֶּערְלָארֶען, וִיא קֶען נָאךְ מֵיינֶען בְּרוּדֶער עֶנְטְגֶעגֶען קָאמֶען דַאנְן אִיזְט אַלֶעס פֶּערַאטֶען, (ערבליקט זיא) אָה דָא אִיזְט זִיא עֶלֶענְדֶע דִיא מוּזְט שְׁטַארְבֶּען.

**הילנא:** עֶרְבַּארְמֶען מִיטְלֵייד, טֶעדְטֶעט מִיךְ נִישְׁט, אָה הִילְפֶע! מִיטְלֵייד!

**בר הונא:** (שלעפט זיא) גֶענוּג שְׁרֵייֶען! הִיעֶר הִינֵיין (ווירפט זיא אריין פערשליסט) אִיךְ וִויל דִיךְ נִישְׁט טֶעדְטֶען, דִיא זָאלְסְט הִיעֶר וֶועלְבְּסְט פֶּערְבְּרֶענְט וֶוערְדֶען, יֶעצְט הֵייסְט עֶס גַאנְצֶע הוֹיז אַנְצִינְדֶען אִין לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע פְּגָרִים עֵדוּת זָאגֶען. (אב)

(אויפטריט חלם הלאה)

**חלם:** הֶלְאָה! דוּא מִיזְט מִיר אַלֶע מָאהְל אוּנְשְׁפֵּייעֶן מֶען זָאל מִיר קֵיין גִיט אוֹיג נִיט גֶעבֶּען, מִיר דַאכְט אַז אַלֶע מֵיידְלֶעךְ וֶועלֶען טַאקֶע נָאר אוֹיף מִיר קוּקֶען, אִיךְ בִּין דָאךְ קֵיין ע״ה אַזוֹי שֵׁיין וִויא אַלֶע וֶועלְטֶען.

**הלאה:** אִין אִיךְ וֶועל דַאוְוקֶע קוּקֶען נָאר אוֹיף אֵיינֶעם.

**הלם:** אוֹי דִיא אוֹיךְ אוֹיף חֶלְמִין (רויך פאר הייזכען).

**הלאה:** דִיךְ קֶען אִיךְ דָאךְ וָעהְן אִין אַ פְּרָאסְטֶען מָאנְטַאג אִיךְ וֶועל מִיר בֶּעסֶער קוּקֶען וִויא דֶער פִירְסְטְלִיכֶער חָתָן וֶועט זִיךְ גֶעהֶען מִיט דֶער

כַּלָה צוּ דֶער חוּפָּה, אִיךְ שְׁטֶעל מִיר פָּאר, דִיא כַּלָה דַארְף זַיין שֵׁיין – טַאקֶע וְויא אַלֶע וֶועלְטֶען (פלאמען)

**הירנא:** (פאם שטיעבען) הִילְפֶע, הִילְפֶע! עֶס בְּרֶענְט הִיְלפֶע.

(אויפּטריט נתן)

**נתן:** פָּאן וְויא הַאבֶּע איךְ הִילְפֶּע רוּפֶען גֶעהֶערְט? אָה הִיער בְּרֶענְט עֶס (קיקט אריין) אֵיינֶע פְּרוֹי לִיגְט אִין אָהְנְמַאכְט, אִיהְרֶע קְלֵיידֶער בְּרֶענֶען שָׁאהְן! (וויל אויפרייסען קען נישט שפרינגט אריין רייסט אויף דיא טהיר טראגט ארויס הילנא אהנמעכטיג).

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

(ענדע דעם ערסטען אַקטעס).

SZSZ

# אַקְט .II

(פאר פאלאסט מען ביא מר זוטרא מען הערט זינגען אין שפיעלען אונטער קיליטען)

(אויפטריט מר זוטרא — בר הונא)

**מר זוטרא:** נָתָן אִיז נָאךְ נִיכְט הִיער, זָאל עֶר מֵיין בֶּעפֶעהְל טְרָאטְצֶען?

**בר הונא:** נֵיין הָאהֶער פִירְסְט, נָתָן אִיזְט שׁוֹין זֵייט גֶעסְטֶערְן הִיער, עֶר הַאט שׁוֹין זִיךְ מִיט זֵיינֶער מוּטְטֶער בֵּייא דֶער הִירְטִין חֶלְאָה צוּזַאמֶען גֶעטְרָאפֶען, אֶה אִיךְ הֶערֶע שְׁרִיטֶע, נָתָן קָאמְט, נֶעהְמֶע אִיהְם פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיף אוּנְד זַאגֶע אִיהְם קֵיין וָוארְט דַאס מֶען אִיהְם גֶעסְטֶערְן גֶעזֶעהֶען הַאט.

**מר זוטרא:** גֶעה בַּר הוּנָא אִיךְ הַאבֶּע מֵיינֶען פֶערְשְׁטַאנְד נָאךְ נִיט פֶער־לָארֶען פֶערְלַאטֶע מִיךְ. (בר הונא אב.)

**נתן:** (בלייבט שטעהען בייא דער טהיר).

**מר זוטרא:** וָואס רֶעגְט מִיךְ זָא אוֹיף? וָואס אִיזְט עֶר מִיר? אֵיין פְרֶעמְ־דֶער יַא נָאךְ עֶרְגֶער אַלְס אֵיין פְרֶעמְדֶער.

**נתן:** פַאטֶער!

**מר זוטרא:** זֵיינֶע שְׁטִימֶע אִיזְט וֵוייךְ, זִיא שְׁפְּרִיכְט גְנַאדֶע פִיר זֵיינֶע מוּטֶער. (אפארט) עֶר הַאט מֵיינֶע אוֹיגֶען.

**נתן:** פִיעלֵייכְט פִירְסְטְלִיכֶער פַאטֶער אִיזְט יֶעטְצְט נִיכְט דִיא גֶעהֶערִיגֶע צֵייט מִיךְ צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען דַאן...

**מר זוטרא:** בְּלֵייבֶּע נָתָן: זֵייא מִיר ווִילְקָאמֶען אִים פַּאלַאסְטֶע בֵּית דָוִד אִיךְ וִויל יֶעטְצְט אִין אַלֶעם פֶערְגֶעסֶען, וֶועטְצֶע דִיךְ אוּנְד הֶערֶע וֶועסְהַאלְבּ אִיךְ דִיךְ נָאךְ הוֹיזֶע בֶּערוּפֶען הַאבֶּע.

**נתן:** אִיךְ הֶערֶע פִירְסְטְלִיכֶער פָאטֶער (זעטצט זיך)

**מר זוטרא:** הֶערֶע יוּנְגֶער מַאנְן, בִּיז הֵייטֶע אִיז נָאךְ קֵיין בְּלַאט פוּן דֶעם גְרָאסֶען בּוֹימֶע בֵּית דָוִד דוּרְךְ דֶען וָוארוּם דֶער שַׁאנְדֶע גֶעפַאלֶען, דִיא בִּיזְט נוּן רֵייף צוּ הֵייראַטֶען, זָא הַאבֶּע אִיךְ דִיךְ אוֹיס גְרִיכֶענְלַאנְד בֵּערוּפֶען אוּם דִיךְ צוּ פֶערְהֵייראַטֶען, אֵיינֶע בְּרוֹיט וֶועלְכֶע פִיר דִיךְ

אונד דעם הויזע דוד'ס פּאסט האבע איך דיר אויסערוועהלט, אונד דאס איזט דיא טאכטער פאן רבן גמליאל הנשיא אוים ירושלים, דיא ברויט איזט שאהן זייט געסטערן אין מיינעם הויזע אונד מארגען וויל איך זאל דיא האכצייט זיין.

נתן: צוערשט פאטער וויל איך איינע פראגע בעאנטוואָרטעט האבען, איינע פראגע וועלכע וויא פייער אין מיינעם בלוטע ברענט.

מר זוטרא: עס איזט קיינע צייט יעטצט פאן שאלות תשובות, פערלאסע מיך!

נתן: אונד וועז איך פאן מיינען פאטער מיט פיעסען געטרעטען ווערדע איך וייכע ניכט צוריק ביז איך איינע אנטוואָרט האבע. פאטער! וואָרום פערשטאָסט דו מיינע מוטטער?

מר זוטרא: גענוג, לאס דיא טאָדטע רוהען.

נתן: ניין איך וויל וויסען וואס געשעהען איזט וועלכע טייפעל האט צווישען אייך ביידע זיין שפּיעל געטריעבען!

מר זוטרא: נתן בעסער שווייגע, דיא אנטוואָרט ווירד דיר קיין גוטעס ברענגען.

נתן: פאטער איך פראגע צום לעצטען מאל וואס וואר דיא שולד מיינער מוטטער, איך בעשוועהרע דיך נור איין וואָרט וואס וואר איהר שולד.

מר זוטרא: איך זאל עס דיר זאגען! ניין — פראגע זיא וועלבסט.

נתן: אונ די מוזט עס מיר זאגען.

מר זוטרא: איך מוס? ניין! אבער — דיא זאלסט עס וויסען קאמע הער גאנץ נאהע אונד שווערע מיר עס פאר ניעמאנדען צו ענטדעקען וויסע נתן דוא ביזט ניכט מיין זאהן — דוא ביזט איין אונעהרליכעס קינד, פאן איינעם אונעהרליכען ווייבע געבאָרען.

נתן: ניין ניין עס איזט ניכט וואהר פאטער בעווייזע וויל איך בעווייזע מיינע אהרען הערען פאלש איך גלויבע ניכט אז איך נאך לעבע מיר שיינט איך הערע איינען טייפעל דעם אנדערען פאסען אוים דער העלע ערצעהלען.

מר זוטרא: נור רוהיג יעטצט דא דיא שוין אלעס ווייסט ביזט דו מיר פיעל טהייערער אלס מיין עבטער זאהן קאמע אין מיינער ברוסט פאטערלאָזעס קינד, איך ווערדע דיר דיינע שאנדע אבוואשען — אונד

מָארְגֶען זָאלְסְט דו דִיא פִּירְסְטֶענְטָאכְטֶער פוּן רַבָּן גַמְלִיאֵל וֶועלְכֶע אִין מֵיינֶעם פַּאלַאסְטֶע דיינֶער וַוארְטֶעט הֵיירַאטֶען פַאר דִיא וֶועלְט עֶרְקֶענֶע אִיךְ דִיךְ עֶפֶענְטְלִיךְ אַלְס מֵיינֶען זָאהְן: נוּן לֶעבֶּע וָואהְל מֵיין אַדָאפְּטִיוו זָאהן. (וויל געהן)

**נתן:** נֵיין נֵיין! דֶער בַּאסְטַארְד ווִירְד מִיט זֵיינֶען אוּנְרֵיינֶען בְּלוּט קֵיינֶע פִּירְסְטֶען עֶנְטְווִירְדִיגֶען מִיר הָאט גָאט אִין וַואלְד אֵיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע צוּ גֶעשִׁיקְט וֶועלְכֶע מִיט מִיר מֵיין אוּנְגְלִיק טְהֵיילֶען ווִירְד, נוּן לֶעבֶּע וָואהְל! פַּאט . . . . . פִּירְסְט מַר זוּטְרָא! אָה מוּטְטֶער מוּטְטֶער (אב)

**מַר זוטרא:** דָאפֶּעלְט אִיזְט מֵיין אוּנְגְלִיק זָא אֵיינֶען בְּרַאוֶוען זָאהְן צוּ פֶערְלַאסֶען טְהוּט מִיר מֶעהְר וֶועה אַלְס 1000 גֶעלִיעבְּטֶע פְּרוֹיֶען (אב)



## פֶערְוַואנְדְלוּנְג

(צימער בייא חלאה אין דער מיט אין איינען שטען צימער הילנא שלאפט)

(אויפטריט חלם)

**חלם:** דִיא נֵייעֶ קַבְּצֶנְטֶע שְׁלָאפְט גַאנְץ גֶעשְׁמַאק גְלַייךְ ווִיא זִיא וָואלְט שׁוֹין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט פֶערְזָארְגְט, אַזַא שֵׁיינֶע קַבְּצֶנְטֶע מִיט אַזֶעלְכֶע אֵיידְלֶע הֶענְטַאלֶעךְ מִיט דֶעם שֵׁיינֶעם פֶּנֶעמֶעל, קוּמְט דָאס פוּן פַאסְטֶען תַּעֲנִיתִים צוּ פֶערְקֶעהְרְט: נָאר ווִיא דִיא זַאךְ אִיז — פוּן הַיינְט אִין וַוייטֶער זָאל זִיא שׁוֹין נִישְׁט מֶעהְר הִינְגֶערִיג זַיין וָואס חֶלְם וֶועט פֶערְדִיעֶנֶען זָאל ¾ אִיהְר גֶעהֶערֶען.

(חלאה שרייט אין קוליססען)

**חלאה:** חֶלְם חֶלְם!

**חלם:** אַ מִין שְׁרַייעֶנִיש אוֹיף דִיא צֶעהְן, זִיא וֶועט זִיא נָאךְ אוֹיף וֶועקֶען שְׁרֵייא נִיט אַזוֹי דָארְט. (ערשיינט)

**חלאה:** וָואס אִיז! זֵייט וֶוען קָאנְסְט דוּ שׁוֹין מַיין קוֹל נִיט לֵיידֶען!

**חלם:** אִיךְ בִּין שׁוֹין מִיט דַיין קוֹל גֶעוָואהְנְט אַזוֹי ווִיא הָמָן מִיט דֶעם גְרֶעגֶער, נָאר דִיא קַבְּצֶנְטֶע קֶען זִיךְ נָאךְ אוֹיף הַאפֶּען אוּנ הִינְגֶערִיג וֶוערֶען.

**חלאה:** וֶוער עֵס הָאט הֶענְד אוּנ פִּיס דַארְף קֵיין הִינְגֶערִיגֶען מַאגֶען נִישְׁט הָאבֶּען.

הלם: יָא אַוֶעלְכֶע לָאבֶּעם וִויא דוּא הָאסְט, אָבֶּער זִיא הָאט אַפָּאר הֶענְטַאלֶעךְ נָאר אוֹיף דִימַאנְטֶען צוּ טְרָאגֶען, זִיא הָאט אַפָּאר פִּיסַא־לֶעךְ נָאר אוֹיף זַיידֶענֶע טֶעפִּיכֶער צוּ שְׁפַּאצִירֶען.

חלאה: זַייט וֶוען בִּיזְט דוּ עֶפִּים אַיין מֵבִין גֶעוָוארֶען אוֹיף עֶדְלֶע הֶענְטְלֶעךְ?

הלם: זַייט דוּא הָאסְט מִיר דַיינֶע גְרָאבֶּע לָאבֶּעם אִין פָּנִים אַרַיין גֶעוָוארְפֶען.

הלאה: אַזוֹי וֶוענְט אִיהְר אַלֶע מֶענֶער אַייךְ גֶעפֶעלְט נָאר תָּמִיד אוֹיפְצוּהוֹיבֶּען דָאס וָואס יֶענֶער וַוארְפְט אַוֶועק, צוּעֶרְשְׁט וִויל אִיךְ וִויסֶען וֶוער אִיז זִיא! פוּן וַואנֶען אִיז זִיא? אִין וָואהִין פָאהְרְט זִיא?

הלם: דָאס אַלְסְדִינְג וַייס זִיא אַלֵיין אוֹיךְ נִיכְט דֶער שְׁרֶעק פוּן דֶער שְׂרֵפָה וָואס זִיא אִיז שִׁיעוּר פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען — הָאט צֶערִיסֶען אַיין אָדֶערִיל אִין אִיהְרֶע גֶעהִירֶען אוּנ זִיא הָאט אִין אַלֶעמֶען פֶערְגֶעסֶען, זִיא גֶעדֶענְקְט נָאר זִיא הֵייסְט צִפּוֹרָה אַשֶׁענֶער נָאמֶען חִ׳לֶעבֶּען אַזוֹי הָאט גֶעהַייסֶען משֶׁה רַבֵּינוּ׳ס בְּרוּדֶער וָואס זָאג אִיךְ משֶׁה רַבֵּינוּ׳ס וַוייבּ.

חלאה: אַשָׁאד חְלֶעבֶּען וָואס דִיא הֵייסְט אוֹיךְ נִיכְט משֶׁה.

חלם: וָואס זְשֶׁע וָואלְט גֶעוֶוען?

הלאה: וָואלְט גֶעוֶוען נָאךְ אַמשֶׁה.

חלם: וִויא אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה וִוילְסְט דוּ מִיט מִיר כַּפָּרוֹת שְׁלָאגֶען וַוייל דַיין מִילֶעכִיגֶער בְּרוּדֶער הָאט אָנְגֶעצִינְדֶען אַיוֹם כִּפּוּר׳דִיגֶען שְׁטַאטְשִׁיק אִין דַיין כָּשֶׁר הֶערְצֶעל.

חלאה: בִּיזְט אַנַארְר, אִיךְ הָאבּ אִיהְם לִיעבּ וִויא אַבְּרוּדֶער.

הלם: הָאבּ אִיךְ זִיא לִיעבּ וִויא אַשְׁוֶועסְטֶער.

חלאה: אַזוֹי? זָאג אִיךְ דִיר אַז אִיךְ וִויל זִיא בֵּייא מִיר אִין שְׁטִיבּ נִישְׁט הָאבֶּען.

חלם: דַיין מִילֶעכִיגֶער בְּרוּדֶער הָאט זִיא אַהֶער גֶעבְּרַאכְט, נֶעם זִיא חֶלֶם הָאט עֶר צוּ מִיר גֶעזָאגְט אוּנְד פִיהְר זִיא אָפּ צוּ מַיין חֶלְאָה׳ן אוּנְד זָאג אִיהְר אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעבֶּעטֶען זִיא זָאל זִיא אָבְּהִיטֶען וִויא מַיין נְשָׁמָה! נָא וָואס שְׁוַואגְסְט דוּ? אַיָא דוּא הָאסְט שָׁאן קֵיין לָשׁוֹן נִישְׁט? נָא — וִוילְסְט זִיא נָאךְ אַרוֹיס טְרֵייבֶּען?

חלאה: דָאס הָאבּ אִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעוָואלְט אוּנְד יֶעטְצְט אַוַדאי נִישְׁט.

הרם: אוֹי הֶלְאָה! אִיךְ וֶועה דִיא פִירְסְטֶען קִימְט אַהֶער לָאז אַרָאבּ דִיא פָארְהֶענְגלֶעךְ. (לאזט אראַ־)

**חלאה:** בֵּייא מִיר אִין שְׁטִיעבּ דַארְף אִיךְ מִיךְ פִיר קֵיינֶעם נִישְׁט בֶּעהַאלְ-טֶען. (ווארט אויף)

(אויפטריט בת שיע)

**בת שיע:** פְרֵיעדֶע צוּ אַייךְ גוּטֶע מֶענְשֶׁען (ערבליקט הילנא) אִיהְרֶעט וֶוענֶען בִּין אִיךְ גֶעקָאמֶען, חֶלְאָה וֶועק זִיא אוֹיף!

**חלאה:** עֶדְלֶע פִירְסְטֶען זִיא אִיזְט עֶרְשְׁט אַנְשְׁלָאפֶענְט גֶעוָוארֶען.

**בת שיע:** אִיךְ מוּס זִיא נֶעטְהִיג שְׁפְּרֶעכֶען וֶועק זִיא אוֹיף.

**חלם:** זִיא אִיז עֶרְשְׁט נִישְׁט לַאנְג אוֹיף מַיינֶע הֶענְד אַנְשְׁלָאפֶענְט גֶעוָוארֶען וִויא אַ הִינְדֶעלֶע, זִיא הָאט דָאס קֶעפֶּעלֶע פֶּערְוָוארְפֶען אַזוֹי וִויא אַיין יוּנְג בֵּיימֶעלֶע וֶוען עֶס חַאפְּט עֶס דֶער פְרָאסְט, לָאזְט זִיא נֶעבֶּעךְ שְׁלָאפֶען, וֶועט אִיהְר הָאבֶען 2 מִצְוֹת אוֹיף אֵיינְמָאל, אֵיין מִצְוָה אִין אִיהְר אַלֵיין אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע אִין אַייעֶר זוּהְנֶדֶעלֶע, וַוייל אַז זִיא שְׁלָאפְט אִיז אִיהְר נְשָׁמָה בֵּייא אִיהְם אוּנ אַז אִיהְר וֶועקְט זִיא אוֹיף בְּלֵייבְּט עֶר דָארְט אָן אַ נְשָׁמָה.

**בת שיע:** חֶלְאָה וֶועק זִיא אוֹיף! אוּנְד דִיא חֶלְם זֶעה נָאךְ אָב מֵיין וָואגֶען שָׁאן דַא אִיזְט.

**חלם:** דִיא פֶערְד זֶענֶען שׁוֹין דָא, נָאר מֶענְשֶׁען פֶעהְלֶען זַייא זָאלֶען רַחֲמָנוּת הָאבֶּען.

**בת שיע:** קֵיין וָוארְט מֶעהְר! וֶועק זִיא אוֹיף!

**הלאה:** (וועקט זיא) קוּמְט זֶעהְט פִירְסְטֶען וִויא שְׁטַארְק זִיא שְׁלָאפְט.

**חלם:** זִיא שְׁלָאפְט נֶעבֶּעךְ דֶעם גֶערֶעכְטֶען שְׁלָאף אִיהְר נְשָׁמָה אִיז אַוָועק צוּ אַייעֶר זוּהְן.

**בת שיע:** רוּפֶע זִיא בֵּיים נָאמֶען.

**הלאה:** צִפּוֹרָה'שֶׁע שְׁטֶעה אוֹיף צִפּוֹרָה'שֶׁע שְׁטֶעה אוֹיף מֶען וִויל מִיט דִיר רֶעדֶען.

**בת שיע:** זָא יוּנְג שֶׁעהְן אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיג! דָאךְ זִיא מוּס פָארְט!

**חלם:** בֶּע אִיךְ זֶעה דָאךְ אַז מֶען מוּז, לָאזְט מִיךְ וֶועל אִיךְ זִיא אוֹיפְוֶועקֶען (וועקט זיא) אָ צִפּוֹרָה'לֶע הֶערְסְט נִישְׁט? נָתָן רוּפְט דִיךְ, נָתָן דַיין נָתָן, דַיין רֶעטֶער דַיין עֶנְגֶעל יָא אִיהְר זֶעהְט דָאס הָאט אִיהְר דִיא נְשָׁמָה צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט זִיא וַואכְט אוֹיף.

**חנא:** נתן מיין רעטער דוא ביסט עס! ביסט דוא שאן ביא דיינע עלטערן געוועזען?

**שיע:** (צו הלם אונ חלאה) רופט מיך ניכט ביא מיינען נאמען – צפורה מאכע דיך זאפארט פערטיג צור אברייזע דרויסען שטעהט מיין וואגען דיא מוטטער פאן דיינען נתן האט מיך צו דיר געשיקט.

**חנא:** ווער איז דיא שטאלצע דאמע – אונד פון וואס רעדט זיא? וואהין זאל איך אברייזען (צו חלאה) בעשיצט מיך חלאה מען וויל מיך פון מיינען בעשיצער אוועק אבררייסען.

**שיע:** זיי רוהיג קינד, קיין לייד זאל דיר געשעהן, נאך היינטע זאלסט דוא צו דיינע עלטערן נאך הויזע געבראכט ווערדען.

**חנא:** איך ווייס נישט פון וואגען איך בין אונ ווער מיינע עלטערן זענען, וואס מיט מיר איזט ביז געכטען געשעהן איזט אבגעמעקט געוואָרען פון מיין זכרון, איך געדענק נישט מעהר אז איך בין אמאל געוואזען אין זעהר רייכע קליידער מיט גאלד פערלען אונ דימאנטען געשטיקט, איך געדענק אויך אז מען האט מיר דיא קליידער גערויבט, אונ ווייטער געדענק איך גאר נישט – נור אז איך ליעב מיין רעטטער ווי מיין נשמה.

**שיע:** דאס איזט אבער נישט שעהן איין מעדכען זאל זיך אין איינינען אויגענבליק פערליעבען אין איינבעקאנטען יונגען מאן, איין אנשטענדיגעס מעדכען מוס מיט שטאלץ זא איינע ליעבע צוריקווייזען.

**חנא:** ליעבע פרוי בעטראכט מיט מיינע אויגען דעם יונגען מאן צו ערשט אונד זאגט דאן אויב א פרינצעסין זאגאר קען ניט שטאלץ זיין ווען זא איינער האט זיא צו זיינער פרוי בעשטימט... יעצט אויב איהר האט מיר ניט עפיס אנדערש צו זאגען בעט איך אייך הערצליך לאזט מיך שלאפען. (אב אין דיא פארהאנגליך).

**הלם:** נוא פירסטין וואס זאגט איהר צו דער קבצנ׳טע? רעד שלשה דברים צוויא ווערטער, אבער ווערטערררר! א מחיה.

**חלאה:** יעדעס ווארט איז איין טייערע פעריל וואס פאסט פאר א קרוין

**בת שיע:** דאס מעדכען איז פון קיינע געמיינע עלטערן וויא מאן זיא מיר געשילדערט האט, חלאה דוא זאלסט אב אכט געבען עס זאל דעם מעדכען קיין בעזעס געשעהן, ביז איך מיט מיינען זאהן שפרעכען ווערדע.

**הלם:** דאס מעגט איהר איך אויף מיר פערלאזען מיינע הענד וועגען זי[illegible]
צוייא געזונדע בערג צו פערשטעהן מיט קלעפ דיא קעפ פון ז..
יעניגע וואס וועלען וואגען מיט איהר צו זאטשעפען.

**הלאה:** ווער עס וועט וועלען אריינשטיפען זיין נאז דארט וויא עס ג..
נישט זיין זאך וועל איך איהם דעם קאפף אבבאבען מיט זידענדיגע
מילך.

(אויפטריט נתן אויפגערעגט).

**נתן:** איזט מיינע מוטטער היער? גוט דאס איך דיך פינדע (צו הלם אונ הלאה)
פערלאססעט אונז (ביידע אב) מוטטער וויר זינד יעצט אליין...

**בת שיע:** יא מיין זאהן — איך לעזע דאס דוא ביא דיינען פאטער ווארסט
אונד ער האט דיר געזאגט...

**נתן:** זאגע עס נאך איינמאל מוטטער דאך וויא דוא יעצט פאר גאט
שטעהסט דיא וואהרהייט! וואר איך ביא מיינען פאטער? זאגע יא
גדער ניין! בין איך דער זאהן מר ווטרא׳ס?

**בת שיע:** זא וואהר איך דיך מיין זאהן אונטער מיינעם הערצען געטראגען
האבע זא וואהר איין עוויגער גאט אלע זינדער ריכטעט, דאס איך פאן
דיעזער שולד אין וועלכער מיך דיין פאטער בעשולדיגט ריין אונד
אונשולדיג וויא איין ענגעל גאטטעס בין; זא וואהר איין עוויגער גאט
לעבט דוא ביזט דער עהרליכער זאהן מר ווטרא׳ס.

**נתן:** (פאלט איהר צו פיעסען) אה מוטטער פערצייהע דיינען אונארטיגען זאהן
וועלכער האט געוואגט אין פיעבער שרעק איינען אויגענבליק דיך צו
פערדעכטיגען פערצייהע מוטטער פערצייהע.

**בת שיע:** מיין אונגליקליכער זאהן מעהר וויא מיין אונגליק דריקט מיך
דיין לייד.

**נתן:** ניין מוטטער ווארטע דוא האסט איינען זאהן, וועלכער קיין האר אויף
דיינעם הויפטע בעריהרען לאססען ווירד! קיין שאטטען זאל מעהר
דיינען נאמען טריבען איך שווערע עס ביא גאט! אללעס קאן מאן
מיר רויבען נור ניכט דיא ליעבע אונד טרייע צו מיינע ליעבע מוטטער.

**בת שיע:** אונד געהערט דיינע ליעבע גאנץ נור דיינער מוטטער.

**נתן:** וויא פיעל עס נאר אין דער ברוסט איינעם טרייען זאהנעס וואהנען קאן.

**בת שיע.** אונד יענע דארט וואס שלעפט?

נתן: גֶעהֶערְט מֵיינֶע זֶעעלֶע, וויר בֵּיידֶע וֶוערְדֶען דֵיינֶע קִינְדֶער זֵיין.

בת שיע: נָתָן מֵיין זָאהְן פֶערְגֶעסֶע נִיכְט דוּא בִּיזְט דֶער אֵיינְצִיגֶער עֶרְבֶּע דֶער קְרָאנְע דָוִד'ס אוּנְד דִיעזֶע דַארְף דַאס הוֹיפְּט אֵיינֶעם אוּנְבֶּעקַאנְטֶען מֶעדְכֶענְס נִיכְט צִיעְרֶען, פֶערְגֶעס אַן אִיהְר מֵיין זָאהְן אוּנְד הֵייַראטֶע דִיא פִּירְסְטִין הִילְנָא וֶועלְכֶע שָׁאן זֵייט גֶעסְטֶערְן אִין אוּנְזֶערֶעם הוֹיזֶע וֵוייל‍ְט.

נתן: אִיהְרֶע לִיעבֶּע אִיזְט מִיר דִיא טְהֵייעֶרְסְטֶע קְרָאנֶע, אִיהְר הֶערְץ אִיזְט מִיר אֵיין טְהֵייעֶרֶעם דִיאַדֶעם אוּנְד דַאס וִויל אִיךְ מִיר עֶרְוֶוערְבֶּען וֶוען עֶס אוֹיךְ מֵיין לֶעבֶּען קָאסְטֶען זָאל. (הילנא ערשיינט).

הילנא: מֵיין רֶעטֶער, מֵיין עֶנְגֶעל וִויא אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיךְ גְלִיקְלִיךְ דוּא מִיךְ מַאכְסְט.

נתן: (אומארמט זיא) זִיעהֶע מוּטֶער דִיעזֶע קְרָאנֶע וִויל אִיךְ בֶּעזִיצֶען אוּנְד מִיט דֶען קְרַאנְץ פָאן עֶווִיגֶער לִיעבֶּע וִויל אִיךְ זִיא צוּם אַלְטַאר פִיהְרֶען.

(בר הונא פיהרט אריין מר זוטרא, בר הונא אב).

מר זוטרא: אָה! סַאטַאן אִין וַוייבֶּעם גֶעשְׁטַאלְט! הָאבּ אִיךְ דַאס פֶערְדִיעגְט? דִיא מוּטֶער אוּנְד זָאהְן אִין גֶעהֵיים גֶעגֶען מֵיינֶען ווִילֶען פֶערְבּוּנְדֶען, נָתָן אִיזְט דַאס דֶער דַאנְק דַאס אִיךְ דִיךְ אַלְס מֵיינֶען זָאהְן אַנֶערְקַאנְט הַאבֶּע? זָא וֵוייט קָאנְטֶעט אִיהְר דִיא עֶהְרֶע פָאן בֵּית דָוִד בֶּעלֵיידִיגֶען.

נתן: הֶערְר אוּנְד פַאטֶער! דִיךְ עֶהְרְט קֵיין אוּנְטֶערְטְהַאן וִויא אִיךְ אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער, דִיךְ לִיעבְּט קֵיינֶע זֶעעלֶע וִויא וִויר בֵּיידֶע, נוּן זַאגֶע וָואמִיט הַאבֶּען וִויר דֵיינֶע עֶהְרֶע בֶּעלֵיידִיגְט?

מר זוטרא: מֵיינֶע עֶהְרֶע אִיזְט בֶּעלֵיידִיגְט שָׁאן מִיט דֵיינֶער גֶעבּוּרְט! אוּנְד יֶעצְט וַואגְסְט דוּא נָאךְ צוּ פְרַאגֶען? יֶעצְט וָוא אִיךְ דִיךְ אִין דֶען אַרְמֶען אֵיינֶער גֶעמֵיינֶען בֶּעטֶעל דִירְנֶע גֶעפוּנְדֶען הַאבֶּע?

נתן: שְׁווֵיינֶע!! דוּא הַאסְט מִיךְ אִין דִיא אַרְמֶע מֵיינֶע לִיעבֶּען בְּרוֹיט גֶעפוּנְדֶען, זִיא אִיזְט מ ר דִיא עֶדֶעלְסְטֶע פִירְסְטִין, דִיא רֵייכְסְטֶע קְרָאנֶע! זִיא אִיזְט מֵיין אַלֶעם אוֹיף דִיעזֶער וֶועלְט!

מר זוטרא: חַ חַ חַ! דֵיינֶע בְּרוֹיט אִיזְט זִיא! בַּת שִׁיעַ מֵיינֶע טְהֵייעֶרֶע פִירְסְטִין דוּא בִּיזְט דָאךְ זִיכֶער זֵיינֶע מוּטֶער, זַאגֶע הַאסְט דוּא אִיהְם דֵיינֶע אֵיינְווִילִיגוּנְג דַאצוּ גֶעגֶעבֶּען.

בת שיע: נָאךְ נִיכְט, אִיךְ בִּין הִיער הֶערְגֶעקָאמֶען אוּם אַלֶעם גוּט צוּ מַאכֶען.

נתן: אַבֶּער צוּ שְׁפֶּעט.

**מר זוטרא:** איך בִּיטֶע, דַיין פַאטֶער שְׁטֶעהְט יֶעצְט פַאר דִיר, דַיין הֶערְשֶׁער דיין גֶעבִּיעטֶער, איך פֶערְלַאנְגֶע! איך בֶּעפֶעהְלֶע! שְׁקְלַאוֶוע עֶנְטְזַאגֶע דיינֶער בֶּעטֶעל דִירְנֶע, אונד גֶעהָארְכֶע מֵיינֶען בֶּעפֶעהְל!

**נתן:** נָאךְ בִּין איךְ דַיין זָאהְן, פַאטֶער! אוּנְד נוּר אַלְס פַאטֶער, קַאן איךְ דִיר פֶערְצֵייהֶען זָאנְסְט וֶועהֶע! טוֹיזֶענְד מַאל וֶועהֶע דֶעם יֶענִיגֶען דֶער זִיךְ וַאגֶען ווירְד מֵיינֶע בְּרוֹיט דִירְנֶע צוּ נֶעמֶען! נוּר גֶעגֶען דֶען פַאטֶער מוּס דֶער זָאהְן שְׁטוּם בְּלֵייבֶּען. דָאךְ אִיבֶּערְשְׁרֵייטֶע נִיכְט דַאס רֶעכְט, דֶען וִויא אֵיין וַאהְנְזִינִיגֶער וֶוערְדֶע אִיךְ מִיךְ פֶערְגֶעסֶען אוּנְד אֵיין גְרוֹיזַאמֶעס בְּלַאטְבַּאד אִין בֵּית דָוִד אוֹיפְשְׁלַאגֶען!

**מר זוטרא:** פֶערְוָוארְפֶענֶער זָאהְן! שַׁאנְדֶע פָאן בֵּית דָוִד דוּא וַאגְסְט מִיר רֶעכְט פָאר צוּ שְׁרֵייבֶּען? איך בִּין דַיין קֶענִיג! לַאס זֶעהְן אָב דֶער שְׁקְלַאוֶוע ווירְד זִיךְ מִיר ווידֶער זֶעצֶען. (וויל איהם שטעכען).

**בת שיע:** הִינְוֶועג בַּארְבַּאר!! ווילְסְט דוּא אוּנְזֶערֶע שְׁטָאלְצְגֶעקְרֶעהְנְטֶע קֶעפְּפֶע מִיט קִינְדֶער בְּלוּט בֶּעזוּדֶעלְן! דַאן טְרִינְקֶע צוּ עֶרְסְט מֵיין בְּלוּט.

**מר זוטרא:** גוּט בַּת שִׁיעַ דוּא הַאסְט רֶעכְט אִיהְם צוּ לִיעבֶּען, עֶר אִיזְט דַיין זָאהְן, אִיךְ אַבֶּער בִּין דֶער בֶּעלֵיידִיגְטֶער פַאטֶער, אוּנְד יֶעצְט אוֹיךְ דֶער גֶעשֶׁענְדֶעטֶער קֶענִיג, גוּט אִיךְ הַאבֶּע אַלֶעס פֶערְלָארֶען (אויפגערעגט) זָא זָאל פוּן נוּן אַן קֵיין גְלִיק אוֹיף עֶרְדֶען עֶקְסֶעסְטִירֶען! אוֹיפְהֶערֶען זָאל מֵיין טֶעגְלִיכֶעס פֶערְגְנִיגֶען. (וויל געהן).

**הילנא:** (קניעט איהם אין וועג) מֵיין הֶערְר אִיךְ קֶען אֵייךְ נִישְׁט — אַבֶּער וֶוער אִיהְר אוֹיךְ זֵייט — זֵייט בַּארְמְהֶערְצִיג, גָאט אִיזְט מֵיין צֵייגֶע אִיךְ ווִיל נִיכְט דוּרְךְ מִיר זָאל זָאפִיעל אוּנְגְלִיק גֶעשֶׁעהְן (צו נתן) מֵיין עֶנְגֶעל, מֵיין רֶעטֶער דוּא הַאסְט מֵיין לֶעבֶּען גֶערֶעטֶעט, רֶעטֶע אוֹיךְ מֵיינֶע זֶעלֶע, עֶנְטְזַאגֶע דֶעם אַרְמֶען מֶעדְכֶען דֵיינֶעם פַאטֶער צוּלִיעב, פֶערְגֶעס אַן דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶע דַאמִיט פִיעלֶע אַנְדֶערֶע זָאלֶען גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען קֶענֶען, גֶעהֶע אוּמְאַרְמֶע דֵיינֶע פִּירְסְטְלִיכֶע בְּרוֹיט וִויא עֶס דַיין פַאטֶער פָאן דִיר פֶערְלַאנְגְט, אוּנְד אִיךְ פֶערְצֵייהֶע דִיר.

**נתן:** פַאר גָאט בִּיסְטוּ מֵיין! דִיא הֵיילִיגֶען טָאדְטֶען אִין אִיהְרֶען גְרֶעבֶּערְן וַארֶען אוּנְזֶערֶע צֵייגֶען! אוּנְד נוּן ווִיל אִיךְ זֶעהְן וֶוער דִיךְ פָאן מִיר לֶעבֶּענְדִיג עֶנְטְרֵייסֶען ווירְד! זֶעלְבְּסְט דֶער שְׁקְלַאוֶוע הַאט זֵיין הֵיילִיגֶעס

רָעכְט ! פָאן נָאט אִיזְט דִיא לִיעבָּע אוּנְד אִיךְ זָאל נָאךְ טִיעפֶער זִינְקֶען? הִיער פְּרָאבִּירֶע מַאן זִיא צוּ ענְטְרֵייסֶען (ציהט דען דעגען) נוּר אִיבֶּער־שְׁטְרֶעהְמֶע פָאן בְּלוּט זָאל דֶער וֶועג צוּ מֵיינֶער גֶעלִיעבְּטֶען בְּרוֹיט זֵיין!

**הילנא:** נָתָן אִיךְ שְׁוֶועהְרֶע בֵּייא גָאט — קֵיין חוּפָּה זָאל מֵיין הוֹיפְּט קְרֶעהְנֶען, קֵיין בְּרוֹיטְשְׁלֵייעֶר זָאל מֵיינֶע הָארֶע בֶּעדֶעקֶען וֶוען אֵיין טְרָאפֶּען בְּלוּט מֵיינֶעטְוֶועגֶען פְּלִיעסֶען וִוירְד (Signal) אִיךְ הֶערֶע דִיא פִּירְסְטְלִיכֶע בְּרוֹיט קָאמְט אִיךְ וֶועל דִיךְ זֶעלְבְּסְט אִין אִיהְרֶע אַרְמֶע פִיהְרֶען.

**נתן:** קִינְד וַואס הַאסְט דוּא גֶעטְהַאן.

(אויפטריט קאהר, בר הונא, מרתא).

**קאהר:** הַא דַאס אִיז זִיא אַלֵיין.

**הילנא:** וַואס ווִילְט אִיהְר פָאן מִיר הַאבֶּען יֶעצְט, אִיךְ קֶען נִיט מִיט אִיהְם הֵיירַאטֶען, נֵיין! (II. Ritt.)

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

(ענדע דעם צווייטען אַקטעס).



## אַקְט. III

(דאַס זעלבע צימער וויא ביים שלום דעם צווייטען, אויפטריט בר הונא).

**בר הונא:** (אונטער קאליסען) אָבֶּער הֶלְאָה לָאז מִיךְ נִישְׁט לַאנְג וַוארְטֶען אויף דִיר (ערשיינט) אונְטֶערְנֶעהְמֶען אֵיינֶע זַאכֶע אוּנ זִיא נִיכְט גַאנְץ אויסְפִיהְרֶען הֵייסְט גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין, אָבֶּער נַיין גְרויסֶער מַר זוּטְרָא! דוּא בִּיזְט נָאךְ מִיט מִיר נִיכְט פֶערְטִיג, מֵיין פְּלַאן אִיז נָאךְ נִיט פָאלֶענְדֶעט, אִיךְ פַאנְגֶע עֶרְשְׁט אַן.

(אויפטריט חלאה).

**חלאה:** יֶעצְט הָאבּ אִיךְ שׁוין צַייט וָואס וִוילְט אִיהְר מִיר זָאגֶען.

**בר הונא:** הֶלְאָה! וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעכְטֶען צוּגֶעזֶעהֶען דִיא גֶעמֵיינְהֵייט פוּן דֶעם פִירְסְטֶען, הָאבּ אִיךְ מִיט דֶעם אָרִימֶען מֶעדֶעל וֶועהְר פִיעל רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען, אִיךְ וָואלְט אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען אַ הַאלְבּ לֶעבֶּען מֵיינְס אִיךְ זָאל זִיא קֶענֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען, זָאל אִיךְ אַזוֹי לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד זַיין.

**חלאה:** צוּ וָואס טוֹיג עֶס אַייךְ? זִיא קָאן נָאר דַאמָאלְס גְלִיקְלִיךְ זַיין וָוען נָתָן וֶועט מִיט אִיהְם חֲתוּנָה הָאבֶּען.

**בר הונא:** אוּנ דֶערְצוּ וֶועל אִיךְ אִיהְר פֶערְהֶעלְפֶען.

**חלאה:** אִיהְר זֶענְט עֶפִּיס אַ גָאט! אִיהְר קֶענְט דֶעם הַארְצֶען אַ דֵעָה זָאגֶען וֶועמֶען עֶס זָאל לִיעבֶּען?

**בר הונא:** אַ גָאט בִּין אִיךְ נִישְׁט, נָאר אַ מִיטֶעל הָאבּ אִיךְ דֶערְצוּ זִיעהְסְט דוּא וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען אויף דִיא מוּטֶער רָחֵל'ס קֶבֶר דוּדָאִים.

**חלאה:** וָואס הֵייסְט דָאס דוּדָאִים?

**בר הונא:** דוּדָאִים הֵייסֶען לִיעבֶּעס עֶפֶּעלֶעךְ; נָתָן דַארְף בַּאלְד אַהֶער קוּמֶען עֶר זָאל זִיךְ מִיט אִיהְר אויף עֶווִיג גֶעזֶעגְנֶען, לָאז זִיא אִיהְם אַרַיינְלֶעגֶען פוּן דִיא עֶפֶּעלֶעךְ אִין אַ גְלָאז מִילְךְ אָדֶער וַויין, וֶועט עֶר זִיא אַזוֹי לִיעבּ בֶּעקוּמֶען, אַז עֶר וֶועט שִׁיעֶר פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען אוּנ וֶועט מִיט אִיהְר חֲתוּנָה הָאבֶּען.

**חלאה:** איז דָאס טַאקֶע אַזוי אַ טְהַייעֶרֶע זַאךְ טָאמֶער וָאלְט אִיהְר זִיא טַאקֶע אַלֵיין גֶעגֶעבֶּען.

**בר הונא:** אִיךְ וֵויים זִיא הָאט צוּ דִיר גְרוֹיס צוּטְרוֹיֶען אוּנ פוּן דִיר וֶועט זִיא זַייא נֶעמֶען.

**הלאה:** (אפארט) עֶר הָאט רֶעדְט אִיךְ וֶועל טַאקֶע אַ פָּאר עֶפֶּעלֶעךְ בֶּעהַאלְטֶען פוּן מַיין חֶלְם'ס וֶועגֶען עֶס קֶען נִישְׁט שַׁאטֶען עֶר זָאל מִיךְ אוֹיךְ אַבִּיסְל מֶעהְר לִיעבּ הָאבֶּען (הויך) גִיט אִיךְ וֶועל עֶס אִיהְר גֶעבֶּען אוֹיבּ עֶס אִיז נָאר אַזוֹי וִויא אִיהְר זָאגְט.

**בר הונא:** (גיט זייא איהר) אָבֶּער דָאס מוּז שׁוֹין גֶעשֶׁעהְן וַוייל בַּאלְד קוּמְט נָתָן אַהֶער!

**חלאה:** אִיךְ גֶעה עֶס אִיהְר שׁוֹין גֶעבֶּען פוּן אַ מִצְוָה אַנְטְלוֹיפְט חֶלְאָה קֵיינְמָאל נִיט (געהט אריין אונ קומט גלייך צוריק) עֶפֶּעס זֶעהְט עֶס דָאךְ אוֹיס וִויא פֶּעפֶּערְלִיךְ?

**בר הונא:** אַזוֹיא זֶעהֶען אוֹיס דִיא לִיעבֶּעס עֶפֶּעלֶעךְ פֶּערְגֶעס נִיט אַז עֶפֶּע-לֶעךְ שְׁטֶעהֶען אִין דֶער תּוֹרָה. (אב).

**חלאה:** אִיךְ וֵויים? עֶפֶּעס גְלֵייבּ אִיךְ יָא-עֶפֶּעס גְלֵייבּ אִיךְ נִישְׁט: נָאר אַז אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל הָאט דַארִין גֶעגְלֵייבְּט זָאל אִיךְ נִיט גְלֵייבֶּען: אוּנ ווִיעדֶער אַ מִצְוָה אוֹיף דִיא מֶענֶער לָאזֶען זַייא זַיין פֵיינֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלֶען מִיר נִישְׁט דַארְפֶען צוּ זַייא קֵיין לִיעבֶּעס עֶפֶּעלֶעךְ, אוֹי מֶענֶער, אוֹי מֶענֶער. (II. Ritt.)

I.

**זינגט:**
אִיךְ בִּין נִישְׁט פוּן דִיא מֵיידֶעלֶעךְ
וָואס זֶענֶען זֶעהְר רֵייךְ
אִיךְ הָאבּ קֵיין שֶׁעהְנֶע קְלֵיידֶעלֶעךְ
דֶערְפַאר בִּין אִיךְ נִישְׁט שְׁוַואךְ
אִיךְ קֶען אַ פָּאר פֶּעטְשׁ גֶעבֶּען מֶען זָאל זִיךְ מְחַיֶ' זַיין
אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ בַּייא מַיין לֶעבֶּען
אַז אִיךְ בִּין אַ גְלִיק פַאר אַ מַאן
נוּא וָואס טוֹיג אַייךְ אַ מֵיידֶעלֶע אַ דַארֶע אַיין עֶדְלֶע
מִיט פֶּערְמֶעגֶען אַ סַךְ

און וָואס עָם פַּאסִירְט – מוּזְט אִיהְר פֶּערְווִירְט
לויפֶען צוּם דָאקְטָאר גְלַייךְ
אוֹי אוֹי מֶענֶער, מֶענֶער אוֹי אוֹי מֵיינְט נִיט אַז מִיט יֶענֶער
דָערְפַאר וַוייל זִיא אִיז שֶׁענֶער – וֶועט אִיהְר גְלִיקְלִיךְ זַיין
מִיט שֶׁעהְנְהַייט שְׁלָאגְט כַּפָּרוֹת – וַוייל אִיךְ וַויים אוֹיף קְלָאהְרִם
אַז אִיהְר וֶועט הָאבֶען צָרוֹת – וֶוען זִיא וֶועט
קֵיין גֶעזוּנְדֶע זַיין.

II.

זָאל מִיךְ אַ מַאן בֶּעלֵיידִיגֶען – גֶענַארְט וָואלְט עֶר זִיךְ נִיט
אוֹי וָואלְט אִיךְ אִיהְם שֶׁעדִיגֶען הְ׳לֶעבֶּען אֵיין מִינוּט און גוּט
עֶר וָואלְט שׁוֹין פֶּערְזָאגְט אַ צֶעהְנְטָען
מִיךְ צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען גָאר
גֶעמַאכְט וָואלְט אִיךְ אִיהְם פְּרֶעזֶענְטֶען
עֶר זָאל מִיךְ הָאבֶען צוּ גֶעדֶענְקֶען אַ יָאהְר
נוּא וָואס טוֹיג אוֹיךְ דָער יִחוּס צוּ אַלְדֶע רוּחוֹת
גֶעדֶענְקְט אִיהְר וֶועט הָאבֶען צָרוֹת
מִיט עֶדְלֶע שְׁווַאכֶע זַייא מֶעגֶען זַיין רַייכֶע
שְׁלָאגְט מִיט זַייא כַּפָּרוֹת
אוֹי אוֹי מֶענֶער מֶענֶער א. ז. וו

III.

מַיין חָלְם אִיז חְ׳לֶעבֶען נִישְׁט קֵיין נַאר
מֶען הָאט אִיהְם פִּיעל שִׁידוּכִים גֶערֶעדְט
און עֶר וִויל נִיט נָאר דֶערְפַאר וַוייל זַיין
כַּלָה מוּז זַיין פֶּעט
נָאר אִיךְ בִּין אִיהְם גֶעפֶּעלֶען
נָאךְ מִיר אִיז עֶר פֶּערְבְּרֶענְט
אַ חֻפָּה וִויל עֶר מִיט מִיר שְׁטֶעלֶען – וַוייל אִיךְ
הָאב אַ פָּאר פֶּעטֶע הֶענְד
נוּא וָואס טוֹיג אִיהְם אַ חָאלֶערִיעֶ – עֶר זוּכְט נָאר אַ בְּרִיָה
אַזוינֶע קֶען אִיהְם בְּרֶענְגֶען גְלִיק
עֶר זָאגְט זִיא מוּז זַיין שְׁטַארְק – מִיט אַ רוֹיטֶען קַארְק

אוּנ פִּיסְקֶעס פֶּעט אוּנ דִיק
אוֹי אוֹי מֶענֶער מֶענֶער א. ז. װ. (אַב)

(אויפּטריט נתן).

**נתן:** יַא דֶער פְּלַאן אִיז גֶעפַּאסְט אִיךְ מוּס זִיא אוֹיף אַיינֶע קוּרְצֶע צַייט װֶעקְשִׁיקֶען בִּיז אִיךְ מַיין פַאטֶער מִיט דֶער מוּטֶער פֶּערְזֶעהְנְט הַאבֶּע אוּנְד דַאן צוּרִיק צוּ אִיהְר, אָה זִיא קָאמְט (הילנא) אַבֶּער בְּלַאס װִיא דֶער מָארְגֶען שְׁטֶערְן צִפּוֹרָה מַיינֶע טְהַייעֶרֶע זָא פְּרִיה אוּנְד שָׁאן װַאךְ? װֶער הַאט דִיךְ גֶעװֶעקְט?

**הילנא:** דִיא גֶעדַאנְקֶען װֶעלְכֶע מִיר דֶען שְׁלַאף שְׁטֶעהְלֶען אַבֶּער װַארוּם הַאסְט דוּא גְרַאד דֶען פְּרִיהְמָארְגֶען גֶעװֶעהְלְט אוּם פָאן מִיר אַבְּשִׁיעד צוּ נֶעהְמֶען װַארוּם נִיכְט לִיעבֶּער דֶען אַבֶּענְד, דַאמִיט דִיא זָאנֶע מַיין שְׁטֶערְבֶּען נִיכְט זֶעהֶען זָאל.

**נתן:** דוּא בִּיזְט אִין אִירְטְהוּם מַיין טְהַייעֶר קִינְד.

**הילנא:** נָתָן! װָאצוּ מִיךְ נָאךְ מֶעהְר פְּלַאגֶען? נֶעהְמֶע אַבְּשִׁיעד פָּאן מִיר אוּנְד גֶעהֶע פָארְט — גֶעהֶע אוּנְד לַאס מִיךְ הִיער שְׁטֶערְבֶּען.

**נתן:** נוּר אוֹיף אַיינֶע קוּרְצֶע צַייט װֶעל אִיךְ דִיךְ פֶּערְלַאסֶען אוּנְד בִּין בַּאלְד בַּייא דִיר צוּרִיק.

**הילנא:** יַא אַבֶּער דַיינֶע עֶלְטֶערְן װֶערְדֶען עֶס נִיכְט צוּגֶעבֶּען, זִיא זִינְד רַייךְ, הַאבֶּען גֶעלְד, מַאכְט, קַאלְטֶע הֶערְצֶער, אִיךְ אַבֶּער הַאבֶּע אוּיסֶער דִיךְ נִיעמַאנֶדֶען אוֹיף דִיעזֶער װֶעלְט (װיינט).

**נתן:** צִפּוֹרָה דוּא טְהוּסְט מִיר אוּנֶרעכְט, בֶּערוּהִיגֶע דִיךְ.

**הילנא:** אִיךְ זָאל מִיךְ בֶּערוּהִיגֶען? (אפּארט) יַא רֶעכְט אִיךְ װִיל עֶס טְהוּן. נָתָן דוּא װִילְסְט דַאס אִיךְ דִיךְ אוֹיף קוּרְצֶע צַייט פֶּערְלַאסֶען זָאל! גוּט אִיךְ בִּין בֶּערַייט, זָא װָאלֶען צוּם אַבְּשִׁיעד טְרִינְקֶען אוֹיפְס בַּאלְדִיגֶע װִיעדֶערזֶעהֶען.

**נתן:** דַאס אִיזְט שֶׁעהְן, זָא עֶרְװַארְטֶע אִיךְ מַיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע שְׁפְּרֶעכֶען צוּ הֶערֶען.

**הילנא:** דָארְט שְׁטֶעהט אַיין קְרִיג אוּנְד בֶּעכֶער, בִּיטֶע בְּרֶענְגֶע עֶס הֶער.

**נתן:** (ער געהט זיא מאכט דיא עפּעלעך) הִיעֶר מַיינֶע טְהַייעֶרֶע טְרִינְקֶען װִיר אוֹיפְס בַּאלְדִיגֶע װִיעדֶערזֶעהְן (ער גיסט) נוּן גֶעלִיעבְּטֶע װַארוּם טְרִינְקְסְטוּ נִיכְט?

הילנא: מִיר אִיזְט דֶער דוּרְשְׁט פֶּערְגַאנְגֶען.

נתן: וֶועל אִיךְ אַלֵיין טְרִינְקֶען, אוֹיפְּס וָואהְל גֶעלִיעבְּטֶע (וויל טרינקען).

הילנא: הַאלְט אֵיין! אִיךְ זַאגֶע דִיר דִיא וַואהְרְהֵייט וֶועהְסְטוּ דִיא עֶפֶּעלֶעךְ פוּן דִיא הָאבּ אִיךְ אֵיינְס אִין דֵיינֶעם בֶּעכֶער הִינֵיינְגֶעלֶעגְט אוּנ וִוי שְׁנֶעל דוּ וָואלְסְט דָאס גֶעטְרוּנְקֶען וָואלְסְטוּ דִיךְ נִישְׁט מֶעהְר גֶעקֶענְט פוּן מִיר צֶערְשֵׁיידֶען.

נתן: (ערשראקען) וָואס הָאסְטוּ גֶעוַואגְט! זָא וֵוייט הַאט דִיךְ דֵיינֶע לִיעבֶּע גֶעטְרִיעבֶּען.

הילנא: הַ הַ הַ הַ נֵיין גֶעלִיעבְּטֶער עֶס אִיזְט קֵיין גִיפְט, בְּלָאס אֵיין לִיעבֶּעס גֶעטְרֶענְק, לִיעבֶּעס עֶפֶּעלֶעךְ וָואס וַואקְסֶען אוֹיף דֶער מוּטֶער רָחֵלְס קֶבֶר. דִיא לִיעבֶּע צוּ מִיר וָואלְט דִיר קֵיינֶע רוּהֶע גֶעגֶעבֶּען, יֶעטְצְט אָבֶּער אַז אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן לֶעבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיר פֶּערְהֶעלְפֶען דֵיין צִיעל צוּ עֶררֵייכֶען, הִיעֶר נֶעם דִיא עֶפֶּעלֶעךְ אוּנ לֶעג זֵייא אַרֵיין אִין פַאטֶערְס וֵויין אָדֶער מִילְךְ, זַאגֶע דַאבֵּייא דֶעם נָאמֶען דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנ עֶר ווירְד פָאן לִיעבֶּע צוּ אִיהר עֶרְפִילְט וֶוערֶען, אוּנ שְׁפֶּעטֶער אַז אִיהְר וֶועט אַלֶע גְלִיקְלִיךְ זַיין עֶרְאִינְנֶערֶע דִיךְ אַן דֶער אַרְמֶע צִפּוֹרָה וֶועלְכֶע בֶּעט שְׁטֶענְדִיג גָאט פִיר דֶען רֶעטֶער אִיהְרֶעס לֶעבֶּענְס.

נתן: וַואס אוּים דֵיינֶע הַאנְד קָאמְט מוּס בֶּעצוֹיבֶּערֶענְד ווירְקֶען, נוּן זֵיי זִיכֶער צִפּוֹרָה זָא וִויא דִיא לִיעבֶּעס אֶפְּפֶעל פַאטֶער אוּנְד מוּטֶער פֶּערְוֶעהְנֶען טְרִינְקֶע אִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶען רֶעסְט, אוּנְד אוֹיף פְלִיגֶעל דֶער לִיעבֶּע וֶוערְדֶע אִיךְ צוּ דִיר פְלִיהֶען.

הילנא: הָאפְּפֶע, גֶעלִיעבְּטֶער, אוּנְד טְהוּעֶ עֶס.

נתן: אִיךְ שְׁוֶוערֶע עֶס בֵּייא גָאט (ביידע אב אין פערשיעדענע זייטען).

(אויפטריט בר הונא, 2 סאלדאטען)

הונא: שְׁטִיל קֵיין גֶערוֹישׁ דָאס פֵייגֶעלֶע קֶען נָאךְ אַוֶועקְפְלִיהֶען וֶוער עֶס וֶועט זִיא הַאפֶּען אוּנ צוּם פִירְסְטֶען בְּרֶענְגֶען לֶעבֶּענְדִיג אָדֶער טוֹיט בֶּעקָאמְט 50 גָאלְדֶענֶע דִינַארֶע, אִיהְר גֶעהְט רִינְגֶעלְט אַרוּם דָאס הוֹיז אוּנ וִויא אִיהְר וֶועט זִיא טְרֶעפֶען זָאלְט אִיהְר זִיא יָאגֶען אַהֶער צוּ מִיר (סאלדאטען אב) זָא לַאנְגֶע זִיא לֶעבְּט קֶען בַּר הוּנַא נִיכְט רוּהִיג לֶעבֶּען, נָתָן הָאבּ אִיךְ בֶּענֶעגֶענְט פוּן דַאנֶען אַרוּם גֶעהֶן זַיין גֶעזִיכְט וַואר

בְּלַאס וויא דֶער טָאדְט זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט פוּן סַם הַמָוֶת
וָואס זַיין גֶעלִיעבְּטֶע הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען נוּ מִיט אִיהְם בִּין אִיךְ שׁוֹין
פֶּערְטִיג (Sturm).

**הילנא:** (אין קאליסען) לַאסְט מִיךְ פְּרַייא, הִילְפֶע, הִילְפֶּע.

**הונא:** בְּרַאוָוא מַיינֶע הִינְד יָאגֶען זִיא גוּט זִיא קוּמְט מִיר אִין דִיא הַאנְט
אַרַיין, בְּרַאוָוא. (הילנא לויפט אריין דערזעהט איהם).

**הילנא:** אוֹיךְ הִיעֶר אִיזְט אֵיינֶער גָאט שִׁיטְצֶע מִיךְ (ער לויפט איהר נאך ביז
זיא שפרינגט ארויס דורכן פענסטער).



## פֶּערְוַואנְדְלוּנְג

(וואלד מיט פעלזען וואהנהיגעל צו בילדער ערשיינונג פארברייטעט. אויפטריט הילנא).

**הילנא:** (לויפט אריין ערמידעט) אוּמְזָאנְסְט אִיךְ קָאן נִיכְט מֶעהר, הִיעֶר מוּז אִיךְ בְּלַייבֶּען וֶוען אוֹיךְ מַיינֶע פֶערְפָאלְגֶער מִיךְ עֶרְמָארְדֶען זָאלֶען אוּנְד וואוּהִין קָאן אִיךְ יֶעטְצְט לוֹיפֶען? אִיבֶּערַאל עֶרְוַוארְטֶעט מִיךְ דֶער זִיכֶערֶער טוֹידְט, הִיעֶר וֶוערְדֶע אִיךְ בְּלַייבֶּען בִּיז דִיא ווִילְדֶע טְהִיעֶרֶע צוּ מֵיינֶעם לֶעבֶּען אֵיין עֶנְדֶע מַאכֶען וֶוערְדֶען... אַה אֵיין גוּטֶער גֶעדַאנְק הִיעֶר וַואקְסֶען גִיפְט בְּקֶעטֶער, אִיךְ וֶועל אֵיינְס גֶענִיעסֶען אוּנְד אֵיין עֶנְדֶע ווִירְד צוּ מֵיינֶעם לֵיידֶען זַיין (רייסט אויס ד״א בלעטער) קוּם אַהֶער דוּא טְהֵייעֶרֶער עֶרְלֶעזֶער, אוּנְד בֶּעפְרֵייעֶ מִיךְ פוּן מַיינֶע לֵיידֶען (עסט) אַה אֵיין זִיסְסֶער שְׁלָאף בֶּעפַאלְט מִיךְ, אִיךְ פִּיהל זָא גוּט זָא זִיסְס גָאלְדֶענֶע טְרַיימֶע שְׁוֶועבֶּען אִין מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען.

(II. Ritt. Nr. 10).

**זינגט:** וואוּ בִּיזְטוּ מַיין לִיעבֶּער וואוּ בִּיסְטוּ מַיין פְּרֵיינְד,
אִיךְ לִיעבֶּע דִיךְ פוּן טִיעפֶען הֶערְצֶען,
מִיט דִיר ווִיל אִיךְ טְהֵיילֶען פְרֵייד אוּנ אוֹיךְ לֵייד,
נָאר דוּא אַלֵיין קֶענְסְט הֵיילֶען מֵיינֶע שְׁמֶערְצֶען,
נָאר צוּ דִיר הָאבּ אִיךְ לוּסְט
נָאר פוּן דִיר אֵיין בְּלִיק אִיז מַיין גַאנְצֶעס גְלִיק.
נַא וֶוען דוּא וֶועסְט זַיין מַיין גְלִיק אוֹי.
וָוען אִיךְ גְלִיקְלִיךְ
קָאם שְׁנֶעל צוּ מִיר קָאם נָאר אִיךְ וַוארְט אוֹיף דִיר
נוּא קָאם שוֹין שְׁנֶעלֶער צוּ מִיר שוֹין שְׁנֶעלֶער
וֶועט מַיין שְׁטֶערְבֶּען נִיט זַיין גָאר אוּמְזוּנְסְט זָאג מִיר שוֹן שְׁנֶעל.

(נאך געזאנג ערשיינט דאס בילד פון רבן גמליאל).

פַּאטֶער קָאמְט קָאמְט צוּ אַייעֶרֶע טָאכְטֶער (פערשווינדעט) פַּאטֶער פֶּער-

לַאסֶע מִיךְ נִיט, דוּא הַאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט גְלִיקְלִיךְ צוּ הֵיירַאטֶען אוּנ
וִוִיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ יֶעטְצְט (בילד מרתא אין דיא קליידער פון הילנא)
דַא זִיא הָאט מַיינֶע קְלֵיידֶער גֶערוֹיבְּט, מַיין גְלִיק מַיין לֶעבֶּען
מַיין אַלֶעס.

(דאס בילד פערשווינדעט זיא בלייבט שטילל ליעגען. אויפטריט חלם, חלאה).

**חלם:** וָואס זָאגְסְט חֶלְאָה צוּ מַיין מִינִיסְטֶער קָאפְּף וִויא קְלוּג אִיךְ הָאבּ אָבְּגֶענַארְט דֶעם גְרוֹיסֶען גַזְלָן, נָאר אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט אַז דוּא מִילִיכִיג צִינְגֶעל זָאלְסְט נִישְׁט פַארְטְרֵיפָה'נֶען דָאס גַאנְצֶע שִׁיסֶעלֶע אָנְבְּרָאקֶעבְק.

**הלאה:** אַזַא נַאר אִיז חֶלְאָה קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען, אִיךְ הָאבּ גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז זֵייא זוּכֶען זִיא צוּ הַאפֶּען, דֶערְפַאר הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעזָאגְט אַז מֶען הָאט זִיא שׁוֹין גֶעכַאפְּט אוּנ גֶעפִיהְרְט אִין גֶעפֶּענְגְנִיס.

**חלם:** נוּא יֶעטְצְט וִויא גֶעפִינְט מֶען זִיא עֶרְגִיץ וֶוער וֵייסְט צוּ הָאט מֶען טַאקִי זִיא נִיט גֶעחַאפְּט (זוכט זיא).

**חלאה:** (זוכט ערבליקט זיא) וֶועהְ אִיז מִיר חֶלְם, מִיר דַאכְט אַז צִפּוֹרָה לִיגְט דָא אָה חֶלְם זִיא אִיז עֶס... זִיא אִיז טוֹידְט.

**חלם:** וֶוער הָאט זִיא גֶעקֶענְט דֶערְהַרְגֶענֶען? וֶועה אִיז מִיר! גְוַואלְד.

**הלאה:** שְׁרַייא נִיט אַזוֹי וֶועה נָאר דִיא בְּלֶעטֶער זִיא הָאט זִיךְ אַ וַדְאַי פֶערְגִיפְטֶעט.

**חלם:** (בעטראכט דיא בלעטער) נֵיין חֶלְאָה דָאס אִיז נִישְׁט קֵיין גִיפְט בְּלֶעטֶער דָאס אִיז שְׁלָאפְבְּלֶעטֶער, מַיינֶע שָׁאף הָאבֶּען זִיךְ אַמָאל אָנְגֶעפַּאסֶעט מִיט דִיא בְּלֶעטֶער וֶוענֶען זֵייא אַלֶע אַנְשְׁלָאפֶען וִויא טוֹידְט נָאר אִיךְ הָאבּ אַ מִיטֶעל זֵייא אוֹיפְצוּוָועקֶען, גֶעה אַרִיבֶּער דָאס טֵייכֶעל אוֹיף יֶענֶער זַייט וַואקְסֶען בְּלוּמֶען בְּרֶענְג אַהֶער עֶטְלִיכֶע אוּנ גִיבּ אִיהְר צוּ שְׁמֶעקֶען וֶועט זִיא זִיךְ בַּאלְד אוֹיפְחַאפֶּען.

**הלאה:** קוּם אוֹיךְ מִיט.

**חלם:** גֶעה אַלֵיין הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא מִיט קֵיין פֶערְשְׁלָאפֶענֶע שְׁפִּיעל אִיךְ קֵיין לִיעבֶּע נִיט, גֶעה אַלֵיין.

**הלאה:** אִיךְ גֵעה אָבֶּער בַּאלְד בִּין אִיךְ דָא צוּרִיק (אב).

**חלם:** אַיין אוּמְגְלִיק מִיט דִיא וַוייבֶּער אֶפִילוּ מִיט'ן מַלְאָךְ הַמָּוֶת הָאבֶּען זֵייא מוֹרָא דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען אִיבֶּערְצוּלָאזֶען אַלֵיין טָאמֶער הַאפְּט עֶר אִיהְם

אוים, אוי ווי שעהן זיא שלאפט נאר וויא א בת מלכה, ווער ווייסט ווער זיא איז אמאל געוועזן.

**הלאה:** (מיט בלומען) אט האסטו דיא בלומען (גיט איהר צו שמעקען). אהא זיא וואכט אויף.

**חלם:** שטעה אויף צפורה מיין הויז האט שוין געקערעהט.

**הילנא:** (ערוואכט) וואו בין איך? פאטער דוא ביזט ניכט היער? דוא קאמסט ניכט דיינע טאכטער צו רעטען.

**חלם:** שווייג חלאה זיא רעדט פון א טאטען זיא האט א פנים געהאט אמאל א טאטען אויך.

**הלאה:** חלם וואס דען פון א שטיין איז זיא געבוירען געווארען? אוי מיר דאכט דאס אדערל קומט איהר צוריק.

**הילנא:** אה איהר זענט עס? מיינע איינציגע פריינדע אויף דער וועלט, רעטעט מיך ברענגט מיך צוריק צו מיינען פאטער ער וויעד אייך גוט בעלאהנען.

**חלם:** טהייערע צפורה ווער פערלאנגט דען א לאהן, זאג אונז נאר ווער דו ביזט און אויף דיא הענד וועל איך דיך צו דיין פאטער אהיים טראגען.

**חלאה:** האב נישט קיין מורא, אונז קענסט דוא פערטרויען.

**הילנא:** דאס גרעסטע פערטרויען האב איך אימער צו אייך געהאט נאר ביז יעצט האב איך אליין נישט געוואוסט ווער איך בין, יעצט ערשט איז מיר מיין זכרון צוריק געקאמען, נישט צפורה איז מיין נאמען — איך הייס הילנא, דיא טאכטער פון ר׳ גמליאל הנשיא אויס ירושלים.

**חלאה:** וועה מיר זיא איז משוגע געווארען.

**חלם:** משוגענע זאגען א סך מאל מעהר דעם אמת וויא מיושב׳ע.

**הילנא:** מיינע פריינדע איך בין נישט משוגע, איך בין דיא אמת׳ע פירסטין הילנא וואס מען האט פון ירושלים געבראכט אבער שענדליך האט מען מיר מיינע קליידער גערויבט, אונ דיא וואס געפינט זיך יעטצט ביים פירסט אין פאלאסט איזט איין רויבפויגעל וואס שמיקט זיך אין פרעמדע פעדערן.

**הלאה:** אוי חלם אפשר איז דאס טאקע אמת.

**חלם:** זאג וואס זאלען מיר פאר דיר טהוען, איך שפרינג אפילו פאר דיר אין פייער.

**חלאה:** און איך בין שוין איינמאל פאר דיר געלאפען אין וואסער.
**הילנא:** געהט צום פירסטען און רופט אויס, פירסט דוא ביזט בעטראגען!
**ביידע:** (שרייען) פירסט דוא ביזט בעטראגען.
**הילנא:** הערר פירסט אן דיינער זייטע טהראנט איין געמיינעס ווייב דיא וואהרע פירסטין איז בערויבט מען זוכט זיא צו ערמארדען אין איהרע קליידער געשמוקט שטעהט יעטצט פאר דיר דיא פערברעכערין.
**חלם:** פירסט דוא ביזט בעטראגען! ניין פירסטין עס איז נישט גוט אזוי דוא ביזט בעטראגען! ניין, פירסטין עס איז נישט גוט אזוי דוא מיט אונז אליין מיט געהן.
**חלאה:** מיין חלם האט נאך קיינמאל אזא גלייך ווארט נישט געזאגט.
**הילנא:** ניין מיינע פריינדע איך קען און וועל אהין נישט געהן, דען מיין הערץ מיינע ליעבע געהער שוין איינען אנדערן דער מיר מיין לעבען געראטעטעט האט אונד דיעזען עדלען יונגלינג ווערדע איך פיר קיינען פירסטענזאהן פערטוישען איך קאן דען יונגען פירסטען ניכט מעהר זעהן, זייט איך מיינען נתן ערבליקט האבע.
**חלם:** וועה איז מיר וואס רעדסט דוא? נתן איז דאך טאקע דער יונגער פירסט מר זוטרא פון וועלכען מיר רעדען.
**חלאה:** וואס׳זשע דוא ווייסט עס ניט?
**הילנא:** שפריכט איהר דיא וואהרהייט? גאט! בין איך ביים פערשטאנד?
**חלם:** איך זאל אזוי בשלום חתונה האבען מיט מיין חלאה׳ן.
**חלאה:** מיין חלם זאל מיר אזוי לעבען און געזונד זיין.
**הילנא:** וויא ווייט איז צום פירסטליכען שלאס אין מחוזה?
**חלם:** 6 שעה גאנג.
**חלאה:** 3 שעה לויפען — היינט דארף זיין דיא חתונה קומט אהין און לאמיר זייא מאכען א שווארצע חפה.
**הילנא:** קאמט פיהרט מיך הין איך וועל אייך פירסטליך בעלאהנען איך פיהלע נייע קראפט, קאמט צו מיינען פירסטען! (אלע אב).



# פֶערְוַואנְדְלוּנְג.

(פאַרצימער בייא מר זוטרא, אויפֿטריט בר הונא).

**בר הונא**: מֵיין לֶעצְטֶער שְׁטִיךְ וֶועט גֶעטְרָאפֶען זֵיין מִיט דֶעם טָאדְט דֶעם יוּנְגֶען פִירְסְטֶען וִוירְד אַלֶעס גֶעוִוּיבֶערְט זֵיין, מֵיינֶע טָאכְטֶער וֶוערְדֶע אִיךְ צוּרִיק שִׁיקֶען וִויא זִיא בִּיז נוּן וַואר, אוּנְד דַאן בְּלֵייבֶּע אִיךְ דֶער אֵיינְצִיגֶער עֶרְבֶּע מֵיינֶעס בְּרוּדֶערְס! חַ חַ חַ וֶוער עֶס וִויל אֵיין נֵייעֶס שְׁלָאס בּוֹיעֶן מוּס צוּעֶרְשְׁט דַאס אַלְטֶע אֵיינְרֵייסֶען (מר זוטרא) זֵייא מִיר גֶעגְרִיסְט מֵיין פִירְסְטְלִיכֶער בְּרוּדֶער גְלִיק אוּנְד זֶעגֶען צוּם הֵייטִיגֶען פֶעסְטֶע.

**מר זוטרא**: פְרִיעדֶע צוּ דִיר בַּר הוּנָא, נָתָן אִיזְט נָאךְ נִיכְט הִיעֶר זָאל עֶר זִיךְ נָאךְ נִיכְט לָאס גֶערִיסֶען הַאבֶּען פָאן דֶער דִירְנֶע? אִיזְט גֶעוָוארְגְט זִיא פָאם לַאנְדֶע צוּ פֶערְיַאגֶען?

**בר הונא**: זִיא וִוירְד אִיבֶּערַאל גֶעזוּכְט אוּנְד וִויר קֶענֶען רוּהִיג זֵיין דַאס בִּינֶען 24 שְׁטוּנְדֶען וִוירְד זִיא אִיבֶּער דִיא גְרֶענְצֶע זֵיין.

**מר זוטרא**: אִיזְט דִיא פִירְסְטִין הִילְנָא שָׁאן צוּר הָאכְצֵייט בֶּערֵייט?

**בר הונא**: בֶּערֵייט יֶעדֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק אַבֶּער וִויר מוּסֶען נָאךְ וַוארְטֶען פִילֵייכְט קָאמְט גַאר נָתָן נִיכְט — וֶוער וֵייסְט וַואס נָאךְ פָארְקָאמֶען קַאן.

**מר זוטרא**: הַאסְט רֶעכְט פָארְזוּכְט אִיזְט דִיא מוּטֶער דֶער וֵייזְהֵייט.

**בר הונא**: (קוקט אַרויס) מֵיין גָאט עֶר קָאמְט! הַאט מֵיין גִיפְט אִיהְם נִיכְט גֶעטֶעטֶעט? אִיזְט מֵיין פְּלַאן מִיסְלוּנְגֶען? אָה אִיךְ צִיטֶערֶע פַאר דִיעזֶען טַאג, (צו מר זוטרא) אִיךְ זִיעהֶע דֶער יוּנְגֶער פִירְסְט קָאמְט, עֶמְפְּפַאנְגֶע אִיהְם מִיט עֶהְרֶע, וִויא עֶס פַּאסְט פִיר אֵיינֶען פְּרִינְץ פָאן בֵּית דָוִד.

**מר זוטרא**: (רופֿט) מֵיין גַאנְצֶער הָאף זָאל עֶרְשֵׁיינֶען דֶעם פְּרִינְצֶען צוּ בֶּעגְרִיסֶען. (II. Ritt. Nr. 12)

(אויפֿטריט קאָהר מענער דאמען)

**קאהר**: זִינְגְט זְשֶׁע אַלֶע פְרֵיילִיךְ
גְלִיק אוֹיף לַאנְגֶע יָאהְר
מִיט גֶעזַאנְג אוּנ שֶׁעהְנֶע טֶענְצֶע
זָאל עֶס זַיין אָהְן אַ שִׁיעוּר

דָאס ווִינְשֶׁען אַלֶע דִיר
שְׁרַייט אַלֶע וִיוַואט.

(אויפטְרִיט נתן)

**נתן:** עֶהְרְוִירְדִיגֶער פַאטֶער אוּנְד וו. גֶעסְטֶע אִיךְ דַאנְקֶע אֵייךְ הֶערְצְלִיךְ פִיר דִיא גְרָאסֶע עֶהְרֶע דִיא מִיר צוּגֶעטְהֵיילְט ווּאוּרְדֶע.

**מר זוטרא:** מֵיין לִיעבֶּער פִירְסְטֶענְזָאהְן עֶס וֶוערֶע מִיר זֶעהְר אַנְגֶענֶעהְם דוּא זָאלְסְט אַן מֵיינֶער רֶעכְטֶען זֵייטֶע פְּלַאטְץ נֶעהְמֶען.

**נתן:** עֶנְטְשוּלְדִיגֶע מִיר פִירְסְטְלִיכֶער פַאטֶער אִיךְ בִּין נִיכְט גֶעוֶועהְנְט אַן דֵיינֶער רֶעכְטֶען מִיךְ צוּ זֶעטְצֶען בִּיז דִיא מוּטֶער נִיכְט פְּרִיהֶער זִיטְצְט.

**מר זוטרא:** בְּרֶענְגְט וַויין אַהֶער! וַויין אוּנְד אֵיינֶען אַנְדֶערֶען פָּאן דֶען יוּנְגֶען פִירְסְטֶען, דֶען דִיעזֶער אַן מֵיינֶער זֵייטֶע שֵׁיינְט אִיהְם נִיכְט בֶּעקְוֶועהְם גֶענוּג — אַלְזָא גֶעפַאלְט דִיר הִיעֶר דֶער פְּלַאטְץ?

**נתן:** וֶוען עֶס דֶער פַאטֶער ווִינְשְׁט דָאךְ עֶרְלוֹיבֶּע מִיר פִיר מֵיינֶע מוּטֶער דַאס וָוארְט צוּ עֶרְגְרֵייפֶען.

**מר זוטרא:** גֶעמַאךְ — בַּר הוּנָא גֶעה מִיט דֶען גֶעסְטֶע דִיא פִירְסְטְלִיכֶע בְּרוֹיט צוּ גְרַאטוּלִירֶען אוּנְד זִיא צוּר טְרוֹיאוּנְג צוּ בֶּעגְלֵייטֶען.

**בר הונא:** פִירְסְטְלִיכֶער בְּרוּדֶער מֵיין רַאטְה אִיזְט אִיהְן קַאלְטְבְּלוּטִיג צוּ בֶּעהַאנְדְלֶען. (בר הונא, קָאהר אַב)

**מר זוטרא:** הַאסְט פֶערְגֶעסֶען וַואס וִויר גֶעסְטֶערְן אַבְּגֶעמַאכְט הַאבֶּען, אִיךְ פֶערְבִּיעטֶע דִיר דִיעזֶען נַאמֶען אִין מֵיינֶער גֶעגֶענְוַוארְט צוּ נֶענֶען, זִיא אִיזְט דֵיינֶע מוּטֶער אַבֶּער נִיכְט מֵיין וַוייבּ.

**נתן:** פֶערְבִּיעטֶע מִיר לִיעבֶּער צוּ אַטְהְמֶען, דֶען זָא לַאנְגֶע אִיךְ לֶעבֶּע מוּס אִיךְ גֶעדֶענְקֶען אוּנְד עֶהְרֶען דִיא יֶענִיגֶע דִיא מִיר. מֵיין לֶעבֶען גַאבּ, אִיךְ פֶערְלַאנְגֶע מֵיינֶע מוּטֶער זָאל הִיעֶר עֶרְשֵׁיינֶען!

**מר זוטרא:** נֵיין נִיכְט אִיבֶּער דִיעזֶע שְׁוֶועלֶע זָאל זִיא קָאמֶען! וַויין! וַויין גִיבְּט מִיר, דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא זָאל מֶען וַואגֶען צוּ ווִידֶערְשְׁפְּרֶעכֶען? וַויין, וַויין ווִיל אִיךְ דִיענֶער.

**נתן:** זָאל אִיךְ דֶען פַאטֶער בֶּעדִיענֶען?

**מר זוטרא:** מֵיינֶעט וֶועגֶען (גיבט איהם וויין) נָאךְ אֵיינֶען טְרִינְקְוַויין. (נתן גיסט אָן וויין לעגט אריין איין עפעלע, אפארט) גָאט אִים הִימֶעל, לַאס דַאס ווּאוּנְדֶער ווִירְקֶען דֶען יֶעדֶע אַנְדֶערֶע הָאפְנוּנְג זִיא צוּ פֶערְוֶועהְנֶען אִיזְט הִיעֶן, פִיעלֵייכְט ווִירְד דִיעזֶעס

הֶעלְפֶען, פַאטֶער מַר זוטְרָא. מוטֶער בַּת שׁיַע, עֶס זָאל אֵייך זַיין צוּ רפוּאָה. (גיט איהם)

**מר זוטרא:** נָתָן אִיךְ שְׁוֶוערֶע דִיר בֵּייא דִיעֶזֶען וַויין וֶוען דוּא מִיךְ נָאךְ אֵיינְמַאל עֶרְצִירְנְסְט זָאל עֶס דִיךְ דַיין לֶעבֶּען קָאסְטֶען! אוֹיפְס וָואהְל! (טרינקט) וַואס אִיזְט דַאס?.

**נתן:** פַאטֶער זַייא רוּהִיג עֶס אִיזְט קֵיין גִיפְט.

**מר זוטרא:** עֶס בְּרֶענְט מִיךְ... הִילְפֶע... הִילְפֶע...

**נתן:** נֶעם פַאטֶער גֶעם מֵיין לֶעבֶּען צוּם פְּפַאנְד עֶס אִיזְט קֵיין גִיפְט.

**מר זוטרא:** עֶס בְּרֶענְט... הִילְפֶע... הִילְפֶע...

(אויפטריט בר הונא, קָאהר)

**אלע:** וַואס אִיזְט גֶעשֶׁעהֶען?

**מר זוטרא:** אִיךְ בִּין פֶערְגִיפְטֶעט פָאן דֶער הַאנְד... פָאן דִיעֶזֶען דַא... שְׁמִיעֶדְט אִיהְם אִין קֶעטֶען... לַאסְט מֵיינֶען טָאדְט... נִיכְט... אוּנְבֶּעשְׁטְרַאפְט... וֶועה אִיךְ... שְׁטֶערְבֶּע... בַּר הוּנָא מֵיין... בְּרוּדֶער דוּא... בִּיזְט מֵיין אֵיינְצִיגֶער... עֶרְבֶּע נֶעהְמֶע רַאכֶע... פִיר דֵיינֶען... בְּרוּדֶער. (פאלט)

**נתן:** נֵיין נֵיין עֶס אִיזְט אוּנְמֶעגְלִיךְ! דַאס הַאבֶּע אִיךְ אוֹיס אִיהְרֶער הַאנְד עֶמְפְּפַאנְגֶען עֶס קַאן קֵיין גִיפְט זַיין, לָאז מִיךְ מֵיינֶען פַאטֶער דִיא וַואהְרְהֵייט זָאגֶען, פַאטֶער נוּר אֵיין וָוארְט (שיטעלט איהם) אָה עֶר אִיזְט טָאדְט אוּנְד אִיךְ זַיין מֶערְדֶער, שְׁלִיעסְט מִיךְ אִין קֶעטֶען, רֵייסְט שְׁטִיקֶער פָאן מֵיינֶעם לֵייבֶּע אוּנְד ווִירְפְט עֶס דֶען ווִילְדֶען בֶּעסְטִיעֶן צוּר נַאהְרוּנְג. (וויינט) אוּנְד דוּא מֵיין עֶנְגֶעל מֵיין אַלֶעס, דוּא הַאסְט זָא וַואס גֶעוואגְט מִיךְ צוּם פַאטֶער מֶערְדֶער צוּ מַאכֶען? אָה נֵיין נֵיין עֶס קַאן נִיכְט זַיין, מֵיין פַאטֶער לֶעבְט – אִיךְ טְרֵיימֶע בְּלָאז זָא שְׁוֶוער... אוּנְד דָאךְ – הִיער דִיא לֵייכֶע אוּנְד אִיךְ דֶער מֶערְדֶער, צֶערְבְּרֶעכְט מֵיינֶע גְלִיעדֶער, יֶעדֶעס בֵּיין מִיר צֶערְשְׁמֶעטֶערְט! אִיךְ בִּין דֶעם טֵייפֶעל אִיבֶּערְגֶעבֶּען, אָה פְלוּךְ מֵיינֶען נאמֶען! אִיךְ בִּין אֵיין פַאטֶער מֶערְדֶער, אֵיין פַאטֶער מֶערְדֶער. (פאלט איבער דיא לייכע צוזאמען)

(פ א ר ה א נ ג).

(ענרע דעם דריטען אַקטעס).



## IV. אַקְט.

(פאָרזאַל בייא מר זוטרא, אויפטריט בר הונא, בר קפרא)

**בר הונא:** בַּר קַפָּרָא אִיךְ שְׁרֶעק מִיךְ בִּיז צוּם טוֹידְט, וִויר זִינְד בֵּיידֶע פֶערְלָארֶען, וָואס פַאר אַ רוּחַ הָאט אָנְגֶעטְרָאגֶען דֶעם אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דָאקְטָאר עֶר זָאל אִיהְם פוּן טוֹיט לֶעבֶּענְדִיג מַאכֶען?

**בר הונא:** דָאס אִיז נָאךְ נִישְׁט אַלֶעס, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז דֶער דָאקְטָאר זָאל מֵיינֶע טָאכְטֶער נִיכְט עֶרְקֶענֶען אַז זִיא אִיז נִישְׁט דִיא פִּירְסְטִין הִילְנָא פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

**בר קפרא:** אָבֶּער וֶוער זָאל דֶער דָאקְטָאר זַיין? אִיהְר קֶענְט אִיהְם נִישְׁט?

**בר הונא:** נֵיין אִיךְ נִיט! נִיעמַאנְד הַאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, וֶוען עֶר גֶעהְט אַרַיין צוּם פִּירְסְטֶען גֶעהְט עֶר אַרַיין פוּן קָאפְּף בִּיז צוּ פִּיעסֶען פֶערְהִילְט אִיךְ זָאג דִיר בַּר קַפָּרָא אַז נָאר גָאט אַלֵיין הַאלְט מִיט מִיר מִלְחָמָה דֶען פוּן אַזַא גֶעפֶעהְרְלִיכֶען גִיפְט נָאךְ אוֹיף צוּ קוּמֶען אוּנ גֶעזוּנְד צוּ וֶוערֶען אִיז וִוירְקְלִיךְ אַ נֵס.

**בר קפרא:** אוּנ וָואס הֶערְט מֶען מִיט נָתָן עֶר אִיזְט שָׁאן פָאם קֶערְקֶער בֶּעפְרֵייט?

**בר הונא:** נֵיין פָארְלַייפִּיג הַאט עֶר זִיךְ פִּיר דַאס אַטֶענְטַאט צוּ פֶערְטְהֵיידִיגְעֶן.

**בר קפרא:** [illegible] עֶר שׁוֹין אַז זַיין פַאטֶער לֶעבְּט?

**בר הונא:** יַא, דָאךְ אִיז עֶר זֶעהְר בֶּעטְרִיעבְּט, וַאס זַיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע הַאט אִיהְם דַאס גִיפְט [illegible] אֵיינֶען פַאטֶער צוּ פֶערְגִיפְטֶען דַאס הָאפֶּע אִיךְ זָאל וִוירְקֶען [illegible] זָאל אִין אִיהְר פֶערְגֶעסֶען אוּנְד מֵיינֶע טָאכְטֶער הֵיירַאטֶען.

**בר קפרא:** זֶעהְר רֶעכְט, מֵיין רַאטְה אִיזְט אִיהְר זָאלְט צוּ אִיהְם אִין גֶעפֶענְגְנִיס גֶעהֶען, אוּנְד וֶוערְדֶען דֶעם פֶערְדַאכְט אִין אִיהְם נָאךְ גְרֶעסֶער מַאכֶען.

**בר הונא:** הַאסְט רֶעכְט אִיךְ גֶעה שׁוֹין, דוּא בְּלֵייבֶּע הִיער אוּנְד זֶעה צוּ עֶרְפַאהְרֶען וֶוער דֶער דָאקְטָאר אִיזְט, אָבֶּער מִיט שֵׂכֶל. (אַב)

**בר קפרא:** חַ חַ חַ חַ דוּא גֶעמֵיינֶע שְׁלַאנְגֶע! דוּא מֵיינְסְט אַז בַּר קַפָּרָא הָאט שׁוֹין גָאר קֵיין שֵׂכֶל נִיט? דוּא מֵיינְסְט אִיךְ הָאבּ נִשְׁט גֶעוואוּסְט אַז דוּא הַאלְסְט מִיךְ פַאר אַ שְׁמוּטְצִיג ווֶערְקְצֵייג אוּנ בַּאלְד ווֶעסְט דוּא ווֶעלֶען מִיךְ אַלֵיין צוּ עֶרְמָארְדֶען? אִיךְ הָאבּ אָבֶער בֶּעסֶער גֶעטְהוּן, אִיךְ בִּין אַוֶועק קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ הָאבּ הִילְנָא'ס פָאטֶער ר' גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אַהֶער גֶעבְּרַאכְט, אוּנ דָאס אִיז דֶער גֶעהֵיימֶע דָאקְטָאר... מֶען קוּמְט! מֶען דַארְף מִיךְ יֶעטְצְט נִיכְט זֶעהֶען. (אַב)

(אויפטריט מר זוטרא, בת שיע)

**מר זוטרא:** אִיךְ ווֵיים דֵיינֶען לֶעטְצְטֶען ווִילֶע, אַבֶּער אִיךְ קַאן דִיר נִיכְט הֶעלְפֶען, דֵיין זָאהְן אִיזְט אִין דִיא הֶענְדֶע דֶער סַנְהֶדְרִין.

**בת שיע:** גוּט, דִיא נַאטוּר אִיזְט אִין דִיר שְׁטוּם, דָאס פַאטֶער הֶערְץ שְׁווֵייגְט, זָא רֶעדֶעט דִיא מוּטֶער, אִיךְ פֶערְלַאנְגֶע בֵּייא דִיר מַיינֶען זָאהְן צוּרִיק.

**מר זוטרא:** אִיךְ הַאבֶּע בֶּערֵייטְס גֶעזַאגְט דֵיין זָאהְן אִיזְט אִין דֶען הֶענְדֶען דֶער סַנְהֶדְרִין.

**בת שיע:** גִיבּ מִיר מֵיינֶען זָאהְן צוּרִיק אוּנְד אִיךְ ווֶערְדֶע מִיט אִיהְם פוּן לַאנְד צוּ לַאנְד אַלְס בֶּעטְלֶערִין צִיהֶען.

**מר זוטרא:** אֵיין זָאהְן פָאן בֵּית דָוִד גֶעהְט נִיכְט בֶּעטְלֶען.

**בת שיע:** מַר זוּטְרָא אִיךְ פֶערְלַאנְגֶע פָאן דִיר מֵיינֶען זָאהְן צוּרִיק זָאנְסְט ווֶערְדֶען דִיא שְׁטֵיינֶער דֶער שְׁטְרַאסֶען שְׁרֵייעֶן אִיהְר ווַייט מֶערְדֶער פָאן בֵּית דָוִד, עֶר אִיזְט דֵיין זָאהְן זָא גוּט ווִיא מֵיינֶער, דֵיין בְּרוּדֶער אִיזְט אֵיין שׁוֹפֵט אוּנְד דוּא נִיכְט בֶּעסֶער פָאן אִיהְם ווֶען דוּא אִיהְם גְלֵייבְּסְט! אִיךְ בִּין צוּ עֶנְדֶע! מֵיין זָאהְן ווִירְד אָהְנֶע זֵיינֶע מוּטֶער נִיכְט שְׁטֶערְבֶּען.

**הילנא:** (פון דרויסען) לַאסְט מִיךְ הִינֵיין, לַאסְט מִיךְ הִינֵיין.

**מר זוטרא:** וַואס אִיזְט הַיִיטֶע בֵּייא מֵיינֶע טְהִיר, אִיזְט קֵיינֶע ווַאכֶע דְרוֹיסֶען?

(אויפטריט הילנא)

**הילנא:** גְנֶעדִינֶער פִירְסְט, אִיהְר מוּזְט מִיךְ הֶערֶען, אֵייעֶר זָאהְן אִיזְט אוּנְשׁוּלְדִיג, אִיךְ בִּין צֵייגֶע.

**מר זוטרא:** אָה דַאס אִיזְט זֵיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע בֶּעטְלֶערִין אוּנְד זִיא וַואגְט פָאר מִיר אַלְס צֵייגֶע צוּ עֶרְשֵׁיינֶען?

**בת שיע:** אִיךְ הָאפֶע זִיא ווִירְד דִיא וַואהְרְהֵייט רֶעדֶען הֶערֶע זִיא אַן.

הילנא: הִיער אִיזט דֶער סַם, אִיךְ אַלֵיין הַאבֶּע עֶס אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אוּם זַיינֶען פַאטֶער אִין וויין הִינַיין צוּ לֶעגֶען דַאמִיט עֶר זִיךְ מִיט זַיינֶע מוּטֶער פֶּערזֶעהְנֶע, אִיךְ וַואר אַבֶּער גֶענַארְט, דָאךְ בִּין אִיךְ דִיא שוּלְדִיגֶע נִיכְט אֵייעֶר זָאהְן.

בת שיע: גָאט דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט, מֵיין זָאהְן אִיזְט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט.

מר זוטרא: מַאן בְּרִינְגֶע דֶען יוּנְגֶען פִירְסְטֶען הִיערְהֶער.

הילנא: דִיא לִיעבֶּעם עֶפֶּעלֶעךְ וַוארֶען בֶּעשְׁטִימְט אִיךְ זָאל זִיא אִיהְם גֶעבֶּען עֶר זָאל מִיךְ לִיעבֶּען, ווִיא אִיךְ הַאבּ גֶעהֶערְט ווִיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיינֶע עֶלְטֶערְן לֶעבֶּען הַאבּ אִיךְ עֶס אִיהְם אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען אוּנְד אִיךְ בִּין אַוֶועק מִיט דֶעם טָאדְט אִין הֶערְצֶען.

בת שיע: אוּנְד וַואס הַאט דִיךְ הִיערְהֶער צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט?

הילנא: גַאנְץ וואס אַנְדֶערְם אוּנְד הִיעֶר הַאבּ אִיךְ עֶרְסְט פָאן גִיפְט עֶרְפַאהְרֶען.

מר זוטרא: פוּן וֶועם הָאסְט דוּא דָאס גִיפְט עֶרְהַאלְטֶען?

הילנא: דַאס וֶועט אִיהְר אַיין אַנְדֶערְם מַאל עֶרְפַאהְרֶען.

(אויפטרוט נתן פון 2 סאָלדאטען געפיהרט).

הילנא: אַךְ ווִיא בְּלַאס עֶר אוֹיסְזִיעהְט, עֶר אִין קֶעטֶען – מֵיין רֶעטֶער.

מר זוטרא: נָתָן! קֶענְסְט דוּא דִיעזֶעם מֶעדְכֶען?

נתן: אִיךְ הַאבֶּע זִיא אַמַאל גֶעקֶענְט, יֶעצְט נִיכְט מֶעהְר.

הילנא: (געהט צו איהם) נָתָן! נָתָן! מֵיין נָתָן!

נתן: וֶועק פָאן מִיר, הִיטֶע דִיךְ שֶׁעהְנֶע שְׁלַאנְגֶע דַאס אִיךְ דִיךְ נִיכְט אוּנְטֶער מֵיינֶען פִיסֶען צוּטְרֶעטֶע.

מר זוטרא: בֶּערֵייעֶסְט דוּא דַאס גִיפְט אוּים אִיהְרֶע הַאנְד עֶמְפְּפַאנְגֶען צוּ הַאבֶּען!

נתן: וָואהֶער וֵייסְט אִיהְר דַאס דַאס גִיפְט אוּים אִיהְר הַאנְד קָאמְט.

הילנא: אִיךְ אַלֵיין הַאבֶּע דִיא וַואהְרְהֵייט גֶעזַאגְט.

נתן: דִיא וַואהְרְהֵייט? אִיזְט דַאס דִיא וַואהְרְהֵייט? וַוארוּם הַאסְט דוּא נִיכְט לִיעבֶּער מִיר דִיא לִיעבֶּעם אֶפְּפֶעל גֶעגֶעבֶּען וַוארוּם הַאסְט דוּא מִיךְ בֶּעטְרָאגֶען!

בת שיע: פַאטֶער דוּא הֶערְסְט! עֶר וַואר בֶּעטְרָאגֶען.

הילנא: אִיךְ וַואר אַיינֶע בֶּעטְרָאגֶענֶע בֶּעטְרִינֶערִין אוֹיךְ מִיךְ הַאט אַיין אַנְדֶערֶער בֶּעטְרָאגֶען.

נתן: אִיזְט עֶס וָואהְר? אוֹיךְ דוּא וַוארְסְט בֶּעטְרָאגֶען, דוּא הַאסְט אוֹיךְ אַן דִיא וַואהְרְהֵייט גֶעגְלוֹיבְּט דַאס עֶס לִיעבֶּעם עֶפְּפֶעל זִינְד.

**הילנא:** קָאנְטֶעסְט דוּא אַנְדֶערְשׁ גְלוֹיבֶּען.

**מר זוטרא:** קוּרְץ אַיין עֶנְדֶע! נָתָן! דִיר שֶׁענְקֶע אִיךְ דַיין לֶעבֶּען דוּא בִּיזְט פְרַייא, אוּנְד דִיעֶזֶעס מֶעדְכֶען פִיהְרְט אִין קֶערְקֶער.

**נתן:** נֵיין פַאטֶער דוּא רוֹיבְּכְט מִיר אַלֶעס וַואס לֶעבֶּען הֵייסְט, בִּיז אִיךְ נִיכְט מֵיינֶע מוּטְער אִין עֶהְרֶע אוּנְד דִיעֶזֶעס מֶעדְכֶען גְלִיקְלִיךְ זֶעהֶע וִייל אִיךְ פָאן קֵיינֶעם לֶעבֶּען וִויסֶען.

**מר זוטרא:** אַלֶעס קַאן אִיךְ דִיר פִיעלֵייכְט נַאכְגֶעבֶּען נוּר וֶוען דוּא דִיא פִירְסְטֶענְטָאכְטֶער פָאן ר׳ גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא הֵייראַטֶען וִוירְסְט וִויא עֶס פַּאסְט פִיר אֵיינֶען פִירְסְטֶען פָאן בֵּית דָוִד.

**הילנא:** יַא יַא נָתָן פֶערְשְׁפְּרֶעכֶע עֶס דֵיינֶען פַאטֶער מוּטֶער צְווִינְגְט אִיהְם עֶר זָאל דַאצוּ אָמֵן זַאגֶען.

**נתן:** מֶעדְכֶען בִּיזְט דוּא וַואהְנְזִינִיג! נֵיין! נִיכְט אוּם דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט קֵיינֶע מַאכְט קַאן מִיךְ פָאן דִיר שֵׁיידֶען זָא וַואהְר וִויא אִיךְ אֵיין זָאהְן פָאן בֵּית דָוִד בִּין.

**הילנא:** נֵיין דוּא זָאלְסְט אוּנְד מוּזְט הֵייראַטֶען דִיא טָאכְטֶער פוּן ר׳ גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אוּנְד דִיא בִּין אִיךְ אַלֵיין! יַא אִיךְ בִּין הִילְנָא, דִיא טָאכְטֶער פָאן ר׳ גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אוּיס יְרוּשָׁלַיִם.

**אלעס:** אִיזְט דַאס מֶעגְלִיךְ?

**מר זוטרא:** וָואמִיט קַאנְסְט דוּא עֶס בֶּעוַייזֶען מֶעדְכֶען?

**הילנא:** הִיעֶר שְׁטֶעהֶען 2 מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע אַלֶעס עֶרְקְלֶעהְרֶען קֶענֶען, חֶלֶם הָלְאָה! קָאמְט הֶערַיין!

(אויפטריט חלם חלאה).

**ביידע:** פִירְסְט דוּא בִּיזְט בֶּעטְרָאגֶען! וִיא אִיזְט דִיא אֶמֶת׳ע פִירְסְטִין הִילְנָא?

**מר זוטרא:** אוּנְד וֶוער אִיזְט דִיא פִירְסְטִין הִילְנָא וֶועלְכֶע זִיךְ אִין מֵיינֶעם הוֹיזֶע בֶּעפִינְדֶעט?

**חלם:** אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין פְרֶעמְדֶע — טַאכְ׳ע פוּן אַייעֶר אֵייגֶענֶע מִשְׁפָּחָה.

**הלאה:** חֶלֶם רֶעד וִויא אַ מֶענְשׁ זָאג אַרוֹיס — זִיא אִיז אַייעֶר בְּרוּדֶערְ׳ס טָאכְטֶער!

**מר זוטרא:** אִיז דַאס מֶעגְלִיךְ? וָואהֶער וֵוייסְט אִיהְר דַאס?

**חלם:** דָא אִין דְרוֹיסֶען אִיז דָא אַ מֶענְשׁ וָואס וֵויים נָאךְ מֶעהְר.

**הלאה:** וָואסְ׳זְשֶׁע בִּיסְט דוּא אַ חֶלֶם — אוּנ לָאסְט אִיהְם שְׁטֶעהְן אִין דְרוֹיסֶען. הַא בַּר קַפָּרָא! קוּם הֶערַיין!

(אויפּטריט בר קפּרא).

מר זוטרא: ער איז היער דיעזער מאן אין מיינעם הויזע — וואס מוס איך זעהען?

בר קפּרא: עדלער פירסט אויף בעפעהל פאן בר הונא האב איך געלאזט אוים הרגענען אלע דיא וואס האבען דיא פּרינצעסין פון ירושלים בעגלייטעט, דאן האב איך געהאלטען זיין טאכטער אלס פירסטין פערקליידען אונ זיא אין דיין הויז ברענגען.

מר זוטרא: דוא זאגסט איינע ליגע! דוא האסטעסט מיינען ברודער וייל ער דיך ביא מיר פערראטען האט — אונד דען ויעגעלרינג וועלכען דיא פירסטין דיר צו בעוואהרען גאב.

בר קפּרא: פירסט איך שווערע דאס איך דען ויעגעלרינג ניע געזעהען האבע.

מר זוטרא: אונד דער בריעף אן דיא פירסטין וואר ניכט אוים דיינער האנד?

בר קפּרא: בר הונא זעלבסט האט דען בריעף געשריעבען אונד איינען רינג היניין געלעגט.

מר זוטרא: וויא קאנסט דוא דאס בעווייזען?

חלם: בעט מיין חלאה׳ן וועט זיא אייך בעסערעס דערצעהלען, נוא חלאה וואס שווייגסט דוא?

חלאה: איך ווייס אז בר הונא האט מיר געגעבען א ביטעלע מיט 30 עפּעלעך אונ האט מיר געזאגט, אז עס איז ליעבעס עפּעלעך פון דער מוטער רחלי׳ם קבר, איך זאל זייא איהר געבען זיא זאל זייא נתנ׳ן געבען, אונ נתן האט זייא אייך געגעבען אונ האט אייך מיט זייא פערסמ׳ט.

הלם: אונ דער ד״ר פון ירושלים האט אייך מחיה מתים געוועזען.

בר קפּרא: אונ דער ד״ר פון ירושלים איז קיין אנדערער וויא ר׳ גמליאל הנשיא אליין.

הילנא: מיין פאטער היער! אך גאט דיין חסד איז זעהר גראס.

אלע: רבן גמליאל היער?!

בר קפּרא: איך האב געוואלט תשובה טהון אויף מיינע זינד בין איך קיין ירושלים געלאפען אונ איהם אהער געבראכט.

בת שיע: אך טויזענד דאנק, דער עדלע מענש האט דיר דיין לעבען גערעטעט.

מר זוטרא: זא... אלזא גוט געהט אלע יעצט וועק, דוא נתן קליידע דיך

צוּר הָאבְּצֵייט (צו הילנא) אוּנְד דוּא מֵיין קִינְד אַלְס פֶּערְזִישֶׁע וֶוענְגֶערִין, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶעם פֶּערְלַאנְג זָאלְט אִיהְר הִיעַר עֶרְשַׁיינֶען, אִיךְ וִויל יֶעצְט מֵיינֶעם בְּרוּדֶער מִיט זֵיינֶע טָאכְטֶער אֵיינֶע קָאמֶעדְיֶע שְׁפִּיעלֶען.

**חלם:** הֶלְאָה! קוּמְט אַהֶער פוּן דִיא צָרוֹת וֶועלֶען מִיר נָאךְ הָאבֶּען נַחַת. (אַלֶע אַב).

**מר זוטרא:** שְׁטִיל וִויא אִין אֵיינֶעם טָאדְטֶען הוֹיז אִיזְט יֶעצְט אִין מֵיינֶעם הוֹיזֶע, אַבֶּער אִין מֵיינֶער בְּרוּסְט דָאנֶערְט עֶס מִיט פֶּערְצְוֵוייפְלוּנְג אוּנְד גֶעוִויסֶענְסְבִּיסֶע, אוּמְזָאנְסְט הַאבֶּע אִיךְ מֵיינֶע גוּטֶע פְרוֹי זָאעֶרְנִיעדְרִיגְט, דִיעזֶע בְּלִינְדֶע אֵייפֶערְזוּכְט אִיזְט מִיר נָאךְ אֵיין צוּרִיקְגֶעבְּלִיעבֶּענֶער שְׁרֶעק אוֹיס דֶער צֵייט דֶער פֶּערְזִישֶׁען קָאמוּנִיעֶ, אִיךְ זֶעלְבְּסְט הַאבֶּע שַׁאנְדֶע אִיבֶּער בֵּית דָוִד גֶעבְּרַאכְט יֶעצְט מוּס אִיךְ אַבֶּער אַלֶעס וִויעדֶער גוּט מַאכֶען (ריעפּט הינאוים) זַאגְט מֵיינֶען בְּרוּדֶער אִיךְ וִויל דַאס הָאבְּ-צֵייטְסְפֶּעסְט מֵיינֶעם זָאהְנֶעס זָאל בֶּעגִינֶען... גוּט! אִיךְ וִויל נוּן זֶעהְן וִויא וַוייט זֵיין פֶּערְבְּרֶעכֶען גֶעהְן קַאן. (אַב).



## פֶּערְוַואנְדְלוּנְג.

(קעניגליכער זאַל רעכטס איין טראָהן, אויפּטריט קאָהר, מר זוטרא, בר הונא, מרתא. נתן, בת שוע חלם, הלאה, איינער אלס מוזיקער שערצט).

(II. Ritt. Nr. 13).

**ארע:** מִיט אוּנְזֶער שְׁפִּיעלֶען אוּנ מִיט אוּנְזֶער זִינְגֶען
מַאכֶען מִיר פִיעל גֶעלְד
אוּנְזֶערֶע נֶעמֶען הֶערְט מֶען קְלִינְגֶען
אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט
מִיר שְׁפִּיעלֶען טַאקֶע זֶעהְר שֶׁעהְן אַ מְחַיֶה עֶס אִיז זִיעס
אַזוֹי וִויא מִיר בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהֶען שְׁרַייֶען אַלֶע בְּרַאוָוא בִּיס.

I.

**הלאה:** וָוען אָדָם הָרִאשׁוֹן הָאט אִין גַן עֵדֶן
גֶעפִינֶען דָארְט זַיין קְלוּפָּה
הָאבּ אִיךְ מִיט מַיין פִיעדֶעל בֵּיידֶען
גֶעפִיהְרְט צוּ דֶער חֻפָּה
מִיט אוּנְזֶער שְׁפִּיעלֶען א. ז. וו.

II.

װען פּרעה האט פון דער דריטער מַכָּה
געליטען און זיך געמוזט קראַצען
האב איך געמוזט שטעהן דעבען איהם טאקע
און צימבלען אויף מיינע טאצען

**ארע:** מיט אונזער שפּיעלען א. ז. װ.

III.

װען יונה הנביא איז געזעסען אויבען אן
אין פיש דרייא טעג בעהאַלטען
האב איך איהם דארט מיט מיין טראָמבאָהן
דיא גאנצע צייט אונטערהאַלטען

**ארע:** מיט אונזער שפּיעלען, א. ז. װ. (טאנץ).

**מר זוטרא:** עס זאל ערשיינען דיא פערזישע װענגערין

(אויפטריט הילנא אַלס פערזישע זענגערין). (II. Ritt Nr. 14).

**הילנא:** אַך דער מענש איז געשטעלט
ער זארגט נאר פאר זיך אַליין
מען לעבט אהן צאהל אין זארגען פיעל
קיין גליקליכען קען מען היינט ניכט זעהען
אַך מיין הערץ, איזט פאל שמערץ
איך װייס ניט — װאס ער װיל
װאו איך שטעה — און װאו איך געה
זעה איך נאר אַז איך בין אַזוי װיא דול
מיינע האפנונג איז פון מיר אַװעק גאנץ װייט
און איך װאַרט און װאַרט און עס קומט נאך נישט דיא צייט
װען װעט מיידען מיינע ליידען
געניעסען זאל איך נאך פרייד און גליק
אַך מיין הערץ איז פאל שמערץ.... (ביז װויא דול)
אה, אה, אה
מיינע האפנונג איז פון מיר אַװעק גאנץ װייט
און איך װאַרט און װאַרט ביז אין א צייט
ליידען ליידען בין איך בערייט
קומען װעט דאך אויף מיר אַ הילף
און צו מיינע ליידען נעהמען װעט אַ סוף
יא יא יא — — — —
מיין הערץ זאגט מיר אַצונד — פיעל פריידע שטעהט מיר נאך פאר
הילפע װעט קומען געשװינד — איך װעל נאך װיסען פון אַ לעבען

גְלִיקְלִיךְ וֶועל אִיךְ נָאךְ אַמָאל זַיין
מַיינֶע הָאפְנוּנְג (בּיז פרייד אונ גליק)
אַךְ מַיין הֶערְץ (בּיז וויא דול)
אָה אָה (קאדענץ)

**דיענער:** עֶדְלֶער פִירְסְט דֶער ד״ר פוּן יְרוּשָׁלַיִם וַוארְט אִים פָּארְזַאלֶע.

**מר זוטרא:** עֶר אִיז מִיר ווִילְקָאמֶען, עֶר זָאל מַיין לִיעבְּסְטֶער גַאסְט זַיין. (געהט אַקעגען). (אויפטריט רבן גמליאל פערהילט).

מַיין עֶדְלֶער ד״ר, זַייא מִיר 1000 מָאל ווִילְקָאמֶען אִיךְ הַאבֶּע דִיר דִיא עֶהְרֶע פָּארְצוּשְׁטֶעלֶען דִיא עֶדְלֶע בְּרוּיט מֵיינֶעם זָאהְנֶעם — פִּירְסְטִין הִילְנָא — דִיא טָאכְטֶער פָאן רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אוּיס יְרוּשָׁלַיִם.

**בר הונא:** (אפּארט) דִיעזֶע עֶהְרְלִיכְקֵייט, אִיךְ מוּס מִיךְ פֶערְלִיעגֶען (וויל געהן, חלם חלאה לאָזען איהם ניט).

**הילנא:** וֶועה מַיין פַאטֶער אִיזְט הִיער אוּנְד אִיךְ מוּס שְׁווַייגֶען.

**בת שיע:** נוּן ד״ר וַוארוּם שְׁטֶעהֶען זִיא זָא עֶרְנְסְט! וַוארוּם גְרַאטוּלִירֶען זִיא נִיכְט מֵיינֶע צ[illegible]טִינֶע שְׁווִיעגֶערְטָאכְטֶער — דִיא עֶדְלֶע פִּירְסְטִין הִילְנָא.

**רבן גמליאל:** מֵיינֶע הֶערְרֶען אִיךְ בִּין דֶער הוֹיזְאַרְצְט פוּן רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד קֶענֶע דִיא יוּנְגֶע פִּירְסְטִין הִילְנָא וֶעהְר גוּט אַלֵיין אִיהְרֶע בְּרוּיט אִיזְט מִיר אוּנְבֶּעקַאנְט, דִיא קְלֵיידֶער זִינְד צְוַואר דִיא אִיהְרִיגֶע אַבֶּער דַאס גֶעזִיכְט — דִיא גֶעשְׁטַאלְט נִיכְט.

**בר הונא:** דַאס הֵייסְט אֵיינֶע אוּנְפֶערְשֶׁעמְהֵייט! אִיךְ אַלֵיין הַאבֶּע זִיא אוּיס דֶער הַאנְד פָאן רַבָּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא עֶמְפְּפַאנְגֶען! אוּנְד וֶוען זִיא וָואלֶען עֶס בֶּעסֶער ווִיסֶען דַאס עֶס נִיכְט זַיינֶע טָאכְטֶער אִיזְט דַאן מוּס אִיךְ בֶּעשְׁטֶעהֶען דַאס רַבָּן גַמְלִיאֵל אֵיין גֶעמֵיינֶער בֶּעטְרִיגֶער אִיזְט אוּנְד עֶר הַאט מִיךְ מִיט אֵיינֶער אַנְדֶערֶע שְׁטַאט אִיהְר בֶּעטְרָאגֶען!

**רבן גמליאל:** עֶלֶענְדֶער שׁוֹפֵט! (ענטבלעסט זיך) הִיער שְׁטֶעהְט רַבָּן גַמְלִיאֵל! אוּיס מֵיינֶער הַאנְד הַאסְט דוּא מֵיינֶע טָאכְטֶער עֶמְפְּפַאנְגֶען, זַאגֶע וואוּ הַאסְט דוּא זִיא פֶערְפִיהְרְט?! אִיךְ פֶערְלַאנְגֶע פָאן דִיר מַיין קִינְד — אָדֶער דַיין לֶעבֶּען.

**מר זוטרא:** אַלְזָא הִיער אִים הוֹיזֶע בֶּעפִינְדֶעט זִיךְ דִיא טָאכְטֶער פוּן רַבָּן גַמְלִיאֵל אוּנ אִיךְ ווִיל דַאס דֶער פַאטֶער זֶעלְבְּסְט זָאל זַיינֶע טָאכְטֶער צְווִישֶׁען דִיא דַאמֶען עֶרְקֶענֶען.

**רבן גמליאל:** (זוכט אונ ערקענט) טָאכְטֶער מֵיינֶע דוּא לֶעבְּסְט, גָאט זַייא דַאנְק.

**הילנא:** פַאטֶער! (אומארמונג).

**בר הונא:** אִיךְ בִּין פֶערְלָארֶען. (לאזט זיך געהן, חלם האַלט איהם).

**חלם:** וַוארְט אוים, הָאבּ צַייט!

**נתן:** וַוארוּם זָא עֶרְשְׁרָאקֶען לִיעבֶּער אָנְקֶעל! עֶס מַאכְט זִיךְ וֶועהְר אָפְּט, דַאס אֵיין מֶענְשׁ אֵיין אִירְטְהוּם הַאט. אָבֶּער עֶס קֶען יַא נָאךְ אַלֶעס גוּט וֶוערְדֶען וֶוען דֶער אָנְקֶעל וִויל זַיינֶען פֶעהְלֶער פֶערְבֶּעסֶערְן אוּנְד אוּנְזֶערֶע לִיעבֶּע צוּרִיק גֶעווִינֶען, זָא הַאט עֶר הִיער דִיא לִיעבֶּעס עֶפֶּעלֶעךְ צוּ גֶענִיעסֶען דַאן וֶוערְדֶען וִויר אֵיינֶע רֶעכְט לוּסְטִיגֶע הָאכְצֵייט פֵּייעֶרְן.

**בר הונא:** הַא? (וויל מיט זיין דעגען צו מר זוטרא, מען האלט איהם)

**מר זוטרא:** לֶעגְט בֵּיידֶען, פַּאטֶער אוּנְד טָאכְטֶער קֶעטֶען אַן אוּנְד בֶּע-גְלֵייטֶעט זִיא אִין קֶערְקֶער וָוא זִיא דַאס אוּרְטְהֵייל דֶער סַנְהֶדְרִין עֶרְוַוארְטֶען זָאלֶען. (געשיעהט)

**חלם:** לָאזְט דָארְט גְרִיסֶען מֵיין עֶלְטֶער בַּאבֶּע, פֵּייעֶרִיגֶע מַלְאָכִים מִיט גְלֶעזֶערְנֶע צִינְגֶען זָאלֶען אַייךְ אַקֶעגֶען קוּמֶען. (מען פיהרט ביידע אב)

**מר זוטרא:** נוּן מֵיינֶע פְרֵיינְדֶע הֶערֶעט מִיךְ אַן: הֵייטֶע אִיזְט בֵּייא מִיר אֵיין צְוֵוייפַאכֶעס הָאכְצֵייטְסְפֶעסְט, צוּעֶרְסְט פֵייעֶרֶע אִיךְ מִיט מֵיינֶער לִיעבֶּען פִּירְסְטִין בַּת שֶׁבַע מֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע הָאכְצֵייט: דַאן מֵיין זָאהְן — מֵיין עֶהְרְלִיכֶער זָאהְן מִיט דֶער וַואהֶרֶען פִּירְסְטִין הִילְנָא!

**חלם:** אוּנ אִיךְ מִיט חֶלְאָה'ן וֶועט זַיין אַ 3-גוּרֶענְדִיגֶעם הָאכְצֵייטְסְפֶּעסְט.

**איינער:** עֶס לֶעבֶּע אוּנְזֶער פִּירְסְט מַר זוּטְרָא (אַלע האָך)

עֶס לֶעבֶּע דַאס יוּנְגֶע פִּירְסְטְלִיכֶע פַּאר (האָך)

עֶס לֶעבֶּע דֶער שְׁטַאם בֵּית דָוִד (האָך)

(II. Ritt. Nr 15).

עֶס אִיזְט דֶער שְׁטַאם פוּן בֵּית דָוִד
דוּא מוּסְט הֵייראַטֶען אִיהְם
נוּא זָאג אַרוּים דֵיין לֶעצְטֶען בֶּעשְׁלוּס וַואס דוּא ווִילְסְט
הֵייראַטֶען מוּסְט דוּא אִיהְם דַאס פָארְדֶערְן מִיר
נוּא זָאג שׁוֹין שְׁנֶעל אַרוּים

(קאָהר בים)

נוּא זָאג שׁוֹין שְׁנֶעלֶער, שְׁנֶעלֶער, דוּא מוּזְט,
דוּא מוּזְט, זָא הֵייראַטֶען אִיהְם.

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

**ענדע.**



# Die schlechte Frau

Operette in 4 Acten

von Josef Lateiner

